# וועלט איין
# וועלט אויס

א זאמעלבוך

אינהאלט:


דוד איגנאטאוו — פון חומש, פון דזשאהן גאלד פלעטשער׳ס אינדיאנער געזאנגען. און „וואו־וואו־הו, דער שטורעמשפיעלער״.

י. י. שווארץ — פון חומש, פון תהלים און „אויפ׳ן חרוב׳ען הארצען״.

ל. שאפירא — רויך.

זישא לאנדוי — ליעדער.

א. מ. דילאן — ליעדער.

א. ראבאי — דערצעהלונגען.

ר. אייזלאנד — פון בינעזער דיכטער און „בעטלער״.

נפתלי גראס — פון יאפאנעזער דיכטער און „צוויי ליעדער״.

בעל מחשבות — דר. ט. הערצעל און אנטאן טשעכאוו.

פרץ הירשביין — אין מיין אלטען גארטען

דזש. טאפעל — דאס צווייטע געזאנג פון האמער׳ס איליאדע.

ז. מאוד — צירונג.

י. ליכטענשטיין — צירונג.

## געזאַנגען:

א) פון חומש

ב) אינדריאַנער געזאַנגען



## דוד איגנאַטאָוו

**האזינו, דאָס געזאַנג פון משה.**

פערנעהמט, איהר הימלען, און איך וועל רעדען,
און זאָל די ערד הערען די זאָג פון מיין מויל.

זאָל טריפען ווי א רעגען מיין לעהרע,
זאָלען פאַלען ווי טהוי מיינע ווערטער.

ווי א טריף־רעגען אויפ׳ן גרינס,
ווי א שפריי־רעגען אויפ׳ן גראָז. —

דען יהוה׳ס נאָמען טהו איך רופען, —
גיט גרויסקייט צו אונזער גאָט.

*

ער איז א פעלז, זיין ווערק איז גאַנץ,
און אַלע זיינע וועגען זיינען רעכט.

ער איז א וואָהרהאפטיגער גאָט;
ער פערטראָגט ניט קיין אונרעכט.

גערעכט און רעכטפערטיג איז ער.

די פערדאָרבענקייט איז ניט צו איהם,
דאָס איז די וואונד פון זיינע קינדער,

דעם דור, דעם פערקרימטען און פערדרעהטען.

*

טהוסטו דאָס יהוה׳ן אזוי בעצאָהלען,
דו שאַלקהאפטיג און נאריש פאָלק?

ער איז דאָך דײַן פֿאָטער, דײַן נעסט־בויער.
ער האָט דאָך דיך בעשאפֿען און האָט דיך אויפֿגעריכט.

*

געדענק די טעג פֿון אמאָל!
פֿערשטעה די יאָהרען פֿון דורות און דורות.

פֿרעג דײַן טאַטען, וועט ער דיר דערצעהלען,
דײַנע זײדעס, און זײ וועלען דיר זאָגען:

ווען דער אויבערשטער האָט פֿאנאנדערגעטהײלט צו פֿעלקער,
ווען ער האָט פֿאנאנדערגעשײדט די מענשען־קינדער,

האָט ער אויפֿגעשטעלט פֿעלקער־גרענעצען נאָך דער צאָהל פֿון יש־אל;
וואָרעם דער טהײל פֿון יהוה איז זײַן פֿאָלק,

און יעקב איז דער מעסט־שטריק פֿון זײַן ערבשאפֿט.

*

ער האָט איהם געפֿונען אין וויסטען לאנד,
אין גרוילענדיגען קלאָגען פֿון פֿוסטער וויסטעניש.

ער האָט איהם ארומגערינגעלט,
ער האָט איהם געהיט און געשיצט, ווי דעם שווארצאפּעל פֿון זײַן אויג.

ווי אַן אָדלער הויערט איבער זײַן נעסט,
שוועבענדיג איבער זײַנע יונגע. —

ער שפּרייט פֿאנאנדער זײַנע פֿליגעל,
נעהמט זײ, טראָגט זײ אויף זײַן רוקען, —

אזוי האָט יהוה אלײן געפֿיהרט,
און קײן פֿרעמדער גאָט איז מיט איהם ניט געווען.

תאזינו,
דאָס געזאַנג
פון משה

*

אויף די הויכקייטען פון דער ערד האָט ער איהם געמאַכט רייטען
און ער האָט געגעסען די פרוכט פון די פעלדער.

און ער האָט איהם געמאַכט אַנזויגען מיט האָניג פון שטיין
און מיט בוימעל פון קיזעל־שטיין.

פוטער פון קיה און מילך פון שאָף,
מיט'ן שמאַלץ פון לעמער.

און שעפּסען פון בשן און יונגע בעק,
מיט'ן פעטס פון דעם אינגעווייד פון ווייץ.

און דייז וויין־געטראַנק איז געווען
דאָס ריינע בלוט פון טרויבען.

און ווען ישרון איז פעט געוואָרען, האָט ער גענומען שטויסען. —
דו ביזט געוואָרען פעט, גראָב און פליישיג! —

און ער האָט אוועקגעוואָרפן גאָט, זיין בעשאפער,
און האָט פערשוועכט דעם פעלז פון זיין הילף.

*

זיי האָבען איהם גערייצט מיט פרעמדע געטער
מיט אומווירדיגקייטען האָבען זיי איהם דערצאָרנט.

זיי האָבען געשאָכטען צו גיט גוטע,
צו זאכען, וואָס זיינען ניט גאָט.

צו געטער, וואָס זיי האָבען ניט געוואוסט.

נייע, פון נאָהענט נעקומענע, פון וועלכע
דיינע עלטערען האָבען ניט געאהנט.

וועלט איין,
וועלט
אוים

דעם פעלז וואָס האָט דיך געבוירען האָסטו פערלאָזען
און האָסט פערגעסען דעם גאָט, וואָס האָט דיך בעשאפען.
*
און יהוה האָט דאָס דערזעהן און ער האָט גענרימט
פון דער אויפרייצונג פון זיינע זיהן און טעכטער.

און ער האָט געזאָגט:

איך וועל פון זיי מיין פנים בעהאלטען
און וועל זעהן וואָס וועט זיין זייער סוף.

וואָרעם זיי זיינען אַן איבערגעקעהרטער דור, —
קינדער, וואָס האָבען ניט קיין גלויבען.
*
זיי האָבען מיך גערייצט מיט ניט־גאָט,
האָבען מיך געצאָרנט מיט זייער נישטינקייט.

און איך וועל זיי רייצען מיט ניט־פאָלק,
מיט נישטיג פאָלק וועל איך זיי צאָרנען.

וואָרעם אַ פייער איז געצונדען אין מיינע נאָזלעכער
און ברענט ביז די טיפסטע אָפגרונטען,

און פערצעהרט די ערד מיט איהרע פרוכט,
און צוגליהט די גרונטען פון די בערג.
*
איך וועל אויף זיי מעהרען אומגליקען,
מיינע פיילען וועל איך פערלענדען אין זיי:

הונגער־דאָר, ברענענדיגע היץ, דארבענדע קריינס.

האזינו,
דאָס געזאַנג
פון משה

די צייהן פון חיות וועל איך שיקען אין זיי,
און די בייזע און גיפטיגע ערד־קריכער.

פון דרויסען זאָל זיך דער שווערד פערוואַרפען,
און פון אינעווענינ — דער שרעק.

ווי דעם יונגען מאַן, אזוי די יונגע פרוי.
דאָס זויג־קינד און דער גרייז.

*

איך האָב געזאָגט, איך וועל זיי פערווישען,
איך וועל צושטערען זייער געדעכניש פון צווישען מענשען.

ווען נאָר ניט דער שרעק פאַר דעם פיינד'ס טראָץ, —
טאָמער פערטייטשט ער דאָס שלעכט. —

טאָמער זאָגען זיי: אונזער האנט איז הויך,
און ניט יהוה האָט דאָס אַלץ געטהאָן. —

ווייל זיי זיינען א פאָלק, וואָס טראַכט ניט נאָך,
און קיין פערשטאַנד איז אין זיי ניטאָ. —

*

וואָלטען זיי געווען קלוג, וואָלטען זיי געוואוסט,
וואָלטען זיי פערשטאַנען ביז צו זייער סוף: —

ווי אזוי זאָל איינער יאָגען טויזענד
און צוויי זאָלען מאַכען לויפען צעהנטויזענד,

ווען ניט זייער פעלז וואָס האָט זיי פערקויפט,
און יהוה וואָס האָט זיי איבערגעגעבען?

*

וואָרעם ניט ווי אונזער פעלז איז זייער פעלז,
און אונזערע פיינד זיינען די רעכטפערטיגער.

דען פון דעם וויינשטאָק פון סדום איז זייער וויינשטאָק,
און פון די פעלדער פון עמורה.

זייערע טרויבען זיינען טרויבען פון גאַל
מיט ביטערע הענגלעך צו זיי.

דער גיפט פון שלאַנגען איז זייער וויין,
און דער טויטליכער גיפט פון עקדישען.

*

פאַר וואָהר! דאָס איז בעהאַלטען מיט מיר,
דאָס איז פערחתמ'עט אין מיינע אוצרות.

די נקמה איז מיינע, און די בעצאָהלונג, —
צו דער צייט וואָס זייער פוס וועט זיך אויסגליטשען.

דען עס איז נאָהענט דער טאָג פון זייער בראָך,
און עס איילט זיך דער מאָרגען צו זיי.

וואָרום יהוה וועט זיין פאָלק משפט'ען
און וועט אויף זיינע קנעכט זיך דערבאַרעמען,

ווייל ער וועט זעהן, אז אָפּגעלאָזט איז די האַנט,
און אז די בעשיצטע און בעוואָרענטע האָבען זיך אויסגעלאָזט.

*

דעמאָלט וועט ער זאָגען:

וואו זיינען זייערע געטער, —
דער פעלז, וואָס זיי האָבען געטרויט,

וואָס האָבען געגעסען פעטס פון זייערע שעכטונגען,
און האָבען געטרונקען וויין פון זייערע אויפגיסונגען?

תאזיגו,
דאס געזאנג
פון משה

זאלען זיי אויפשטעהן און זאלען זיי אייך העלפען,
און זאלען זיי זיין א שיצונג צו אייך.

*

אצינד זעהט, אז איך, איך בין עס!
און עס איז ניטא קיין גאט מיט מיר.

איך טויט און מאך לעבעדיג;
איך מאך וואונדען און הייל זיי.

און עס איז ניטא קיין רעטער פון מיין האנט.

ווארעם איך הויב אויף מיין האנט צום הימעל און זאג:
איך לעב אויף אייביג!

*

און שארף איך אן דעם קלינג פון מיין שווערד,
און גרייף אן מיט מיין האנד אין משפט,

נעהם איך נקמה פון מיינע שונאים,
און צו די, וואס האבען מיך פיינד, בעצאהל איך.

מיינע פיילען וועל איך אנ'שכור'ען מיט בלוט,
און מיין שווערד וועט עסען פלייש.

פון דעם בלוט פון דערשלאגענע און געפאנגענע,
פון די צושלאגענע קעפ פון פיינד.

*

לויבט פעלקער זיין פאלק!
ווארעם ער וועט נעהמען נקמה פאר דעם בלוט פון זיינע קנעכט.

און נקמה וועט ער אומקעהרען צו זיינע פערפאלגער,
און וועט פערגעבען זיין לאנד און זיין פאלק.

## י. י. שווארץ און דוד איגנאטאוו

די רייד פון בלעם.

און בלק, דער זוהן פון צפור האט דערזעהן אלץ וואס ישראל האט געטהאן צום אמורי.

און מואב האט זיך זעהר דערשראקען פאר'ן פאלק, ווארום עס איז גרויס —

און מואב איז דערציטערט געווארען פאר די קינדער פון ישראל.

און מואב האט געזאגט צו די עלטסטע פון מדין:

אצינדערט וועלען די אנגעלאפענע פערצעהרען אלץ ארום אונז ווי עס פערצעהרט דער אקס דאס גרינס פון פעלד —

און אין יענער צייט איז בלק, דער זוהן פון צפור, געוועזען קעניג איבער מואב.

און ער האט געשיקט שלוחים צו בלעם דעם זוהן פון בעור, קיין פתור, וואס איז ביי דעם טייך, אינ'ם לאנד פון די קינדער פון זיין פאלק, איהם צו רופען און אזוי צו זאגען:

זעה, א פאלק איז ארויס פון מצרים, זעה, עס האט פערדעקט דעם שיין פון דער ערד און עס זיצט קעגענאיבער מיר.

אצינדערט קום נור און שעלט מיר דאס דאזיגע פאלק דען עס איז שטארקער פון מיר, טאמער וועל איך קאנען שלאגען אין איהם און איהם פערטרייבען פונ'ם לאנד — דען איך וויים, אז וואס דו בענשט איז געבענשט, און וואס דו שעלסט איז געשאלטען.

און די עלטסטע פון מואב און פון מדין זיינען געגאנגען מיט גע־שאנקען אין זייערע הענט און זיי זיינען געקומען צו בלעם'ען און זיי האבען צו איהם גערעדט די רייד פון בלק.

האט ער צו זיי געזאגט:

די רייד
פון
בלעם

— נעכטיגט דאָ איבער היינטיגע נאכט וועל איך אייך זאָגען דאָס וואָרט וואָס גאָט וועט זאָגען צו מיר.

און די הארען פון מואב זיינען געבליבען זיצען מיט בלעם'ן.

און גאָט איז געקומען צו בלעם'ן און האָט געזאָגט:

— ווער זיינען די דאָזיגע מענשען מיט דיר?

האָט בלעם געזאָגט צו גאָט:

— בלק דער זוהן פון צפור, דער קעניג פון מואב, האָט געשיקט צו מיר: —

„— זעה, אָט דאָס פאָלק וואָס איז ארוים פון מצרים און עס האָט פערדעקט דעם שיין פון דער ערד — אצינדערט קום און שעלט מיר עס, טאָמער וועל איך זיי קאָנען שלאָגען און איהם פערטרייבען."

האָט גאָט געזאָגט צו בלעם'ן:

— דו זאָלסט ניט געהן מיט זיי, דו זאָלסט דאָס פאָלק ניט שעלטען, וואָרום עס איז געבענשט.

און בלעם איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה און געזאָגט צו די הארען פון בלק:

— געהט אייך צו אייער לאנד דען גאָט וויל מיך ניט לאָזען צו געהן מיט אייך.

און די הארען פון מואב זיינען אויפגעשטאַנען און זיי זיינען געקו־מען צו בלק'ן און זיי האָבען געזאָגט:

— „ניט געוואָלט האָט בלעם געהן מיט אונז."

האָט בלק נאָך אמאָל געשיקט הארען מעהר אין צאָהל און וויירדי־גערע פון די פריהערינע.

זיינען זיי געקומען צו בלעם'ן און זיי האָבען צו איהם געזאָגט: אזוי האָט בלק דער זוהן פון צפור געזאָגט:

„זעה, פערמייד דיך נישט פון צו קומען צו מיר.

וועלט איין,
וועלט
אויס

„דען גרויס וועל איך דיך גרויסען און אלץ וואָס דו וועסט זאָגען צו מיר, וועל איך טהאָן — נור קום, איך בעט דיך, שעלט מיר דאָס דאָזיגע פאָלק.“

און בלעם האָט געענטפערט און געזאָגט צו די קנעכט פון בלק:

— ווען בלק גיט מיר זיין הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קאָן איך נים איבערטרעטען דעם בעפעהל פון יהוה מיין גאָט צו טהאָן וואָס גרויס אָדער קליין.

אצינדערט בלייבט אויך איהר דאָ זיצען די נאכט, וועל איך וויסען וואָס גאָט וועט ווייטער ריידען צו מיר.

און גאָט איז געקומען צו בלעם'ן אין דער נאכט און ער האָט געזאָגט צו איהם: אויב די דאָזיגע מענער זיינען געקומען דיך רופען — שטעה אויף און געה מיט זיי, אָבער נאָר דאָס וואָס איך וועל צו דיר ריידען — דאָס זאָלסטו טהאָן.

איז בלעם אויפגעשטאַנען אין דער פריה, און ער האָט געזאָטעלט זיין אייזעל און איז געגאַנגען מיט די הארען פון מואב.

אָבער דער צאָרען פון גאָט האָט געגרימט, ווייל ער איז געגאַנגען מיט זיי.

האָט זיך א מלאך פון גאָט איהם געשטעלט אין זיין וועג צו זיין א שטערונג צו איהם און ער רייט אויף זיין אייזעל, און מיט איהם זיינע צוויי יונגען.

און דער אייזעל האָט דערזעהן, אז דער מלאך פון גאָט שטעהט אין וועג מיט זיין שווערד אויסגעשטרעקט אין האנד, האָט דער אייזעל אָבגעניינט פון דעם וועג און זיך פערנומען אין פעלד, האָט בלעם געשלאָגען דעם אייזעל, איהם צוריק צו נייגען אויפ'ן וועג.

האָט זיך דער מלאך פון גאָט געשטעלט אויפ'ן שטעג פון די וויינגערטנער, — א צוים פון איין זייט און א צוים פון דער צווייטער.

האָט דער אייזעל דערזעהן דעם מלאך פון גאָט, האָט ער זיך צוגע־

דריקט צום וואַנד, און האָט צוגעדריקט צום וואַנד דעם פוס פון בלעם. האָט ער איהם מעהר געשלאָגען.

איז דער מלאך פון גאָט ווידער אַמאָל איבערגעגאַנגען, און האָט זיך געשטעלט אין אַן אָרט וואָס איז ענג, וואו עס איז זיך ניט צו קערען, ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס.

און דער אייזעל האָט דערזעהן דעם מלאך פון גאָט, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אונטער בלעם'ן.

און עס האָט געגרימט דער צאָרן פון בלעם.

און ער האָט געשלאָגען דעם אייזעל מיט דעם שטעקען.

האָט גאָט אויפגעעפענט דאָס מויל פון אייזעל, און ער האָט געזאָגט צו בלעם'ן:

— וואָס האָב איך צו דיר געטהאָן, וואָס דו האָסט מיך געשלאָגען שוין דריי מאָל?

האָט בלעם געזאָגט צום אייזעל:

— ווייל דו האָסט פון מיר שפּאָט געמאַכט. וואָלט נור געווען אַ שווערד אין מיין האַנד, וואָלט איך דיך געטויט.

און דער אייזעל האָט געזאָגט צו בלעם'ן:

— בין איך דען ניט דיין אייזעל וואָס אויף מיר האָסטו געריטען פון דיין יונגענד אָן ביז צו דעם היינטיגען טאָג? בין איך דען געוואוינט געווען אַזוי צו טהאָן צו דיר?

האָט ער געענטפערט:

— ניין.

און גאָט האָט אויפגעמאַכט די אויגען פון בלעם, און ער האָט דער־זעהן אויף'ן וועג שטעהן דעם מלאך פון גאָט, מיט זיין שווערד אויס־געשטרעקט אין זיין האַנד, האָט ער געקניהט און איז געפאַלען אויף זיין פּנים.

האָט דער מלאך פון גאָט צו איהם געזאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו געשלאָגען דיין אייזעל שוין דריי מאָל? זעה,

וועלט איין,
וועלט
אוים

איך בין ארויסגעקומען דיך צו הינדערען, ווייל דיין וועג איז געגען מיר.

— און דער אייזעל האָט מיך דערזעהן, און ער האָט זיך אָבגעניינט פאר מיר שוין דריי מאָל,

ווען ער וואָלט זיך פאר מיר ניט אָבגעניינט, אזוי וואָלט איך דיך געטויט און איהם וואָלט איך לעבען געלאָזט.

האָט בלעם געזאָגט צום מלאך פון גאָט:

— איך האָב געזינדיגט. דען איך האָב ניט געוואוסט, אז דו שטעהסט אויפ'ן וועג אנטקעגען מיר — אצינדערט, אויב עס איז שלעכט אין דיינע אויגען, וועל איך געהן צוריק.

און דער מלאך פון גאָט האָט געזאָגט צו בלעם:

— געה מיט די מענשען, נייערט דאָס וואָרט וואָס איך וועל צו דיר זאָגען דאָס זאָלסטו ריידען.

איז בלעם געגאַנגען מיט די הארען פון בלק.

און בלק האָט דערהערט, אז בלעם קומט, איז ער ארויסגעקומען אנטקעגען איהם ביז צו דער שטאָדט מואב וואָס אויף דעם ברעג פון ארנון, וואָס אויפ'ן גרענעץ.

— און בלק האָט געזאָגט צו בלעם'ן:

— האָב איך דען נאָך דיר ניט געטהאָן שיקען, דיך צו רופען? ווארום דען ביזטו צו מיר ניט געגאַנגען? קאָן איך דען ניט דיך עהרען?

האָט בלעם געזאָגט צו בלק'ן:

— — אָט בין איך שוין אצינדערט געקומען צו דיר, וועל איך דען קאָנען עפּעס ריידען? — דאָס וואָרט וואָס גאָט וועט טהאָן אין מיין מויל, דאָס וועל איך זאָגען.

און בלעם איז געגאַנגען מיט בלק'ן און זיי זיינען געקומען קיין קרית־חצות.

און בלק האָט געשאָכטען שאָף און רינדער און האָט געשיקט צו בלעם'ן און צו די הארען וואָס מיט איהם.

און עס איז געוועזן אין מאָרגען האָט בלק גענומען בלעם'ן, און ער

די רייד
פון
בלעם

האָט איהם אַרויפגעבראַכט אויף די הויכען פון בעל און ער האָט פון דאָרט געזעהן אַ טהייל פון פאָלק.

און בלעם האָט געזאָגט צו בלק׳ן:

— שטעל מיר דאָ אויף זיבען מזבחות און גרייט מיר דאָ צו זיבען רינדער און זיבען שאָף.

האָט בלק געטהאָן אַזוי ווי בלעם האָט גערעדט.

און בלק און בלעם האָבען אויפגעבראַכט צו איין רינד און איין שאָף אויף אַ מזבח.

האָט בלעם געזאָגט צו בלק׳ן:

— בלייב דאָ שטעהן ביי דיינע בראַנדאָפּפער, און איך וועל געהן, טאָמער טרעפט זיך גאָט אַנטקעגען מיר און דאָס וואָס ער וועט מיר ווייזען, וועל איך דיר זאָגען.

און ער איז אַוועק שטילערהייד.

און גאָט האָט זיך געטראָפען צו בלעם׳ן.

האָט ער צו איהם געזאָגט:

— זיבען מזבחות האָב איך צוגעריכט און האָב אויפגעבראַכט אַ רינד און אַ שאָף צו אַ מזבח.

האָט גאָט געטהאָן אַ וואָרט אין דעם מויל פון בלעם און ער האָט געזאָגט:

— געה צוריק צו בלק׳ן און אַזוי זאָלסטו ריידען.

איז ער צוריקגעקומען צו איהם און איהם געטראָפען שטעהן ביי זיינע בראַנדאָפּפער. איהם און אַלע הארען פון מואב.

און ער האָט אויפגעהויבען זיין שפּרוך און ער האָט געזאָגט:

פון אַרם האָט מיך בלק דער קעניג פון מואב געפיהרט,

פון די בערג פון מזרח:

קום, שעלט פאַר מיר יעקב׳ן

און קום, צאָרן מיר ישראל.

ווי אַזוי זאָל איך שעלטען — אַז גאָט האָט ניט געשאָלטען?

ווי אַזוי זאָל איך צאָרענען — אַז גאָט האָט ניט געצאָרענט?

וועלט איין,
וועלט
אויס

דען פון די פעלזען־שפּיצען זעה איך איהם
און פון די הינלען דערבליק איך איהם,
דאָס איז אַ פאָלק וואָס רוהט בעזונדער
און צווישען פעלקער ווערט ער ניט פעררעכענט.
ווער זאָל צעהלען דעם שטויב פון יעקב,
און ווער זאָל אויסרעכענען אַ פערטעל פון ישראל.
זאָל מיין זעעלע שטארבען מיט דעם טויט פון רעכטפּערטיגע —
און זאָל מיין סוף ווי זיינער זיין!
און בלק האָט געזאָגט צו בלעם׳ן:
— וואָס האָסטו געטהאָן צו מיר? צו שעלטען מיין פיינד האָב איך דיך גענומען, און זעה, דו טהוסט נאָר בענשען.
און ער האָט געענטפערט און האָט געזאָגט:
— פארוואָרר, דאָס וואָס גאָט טהוט אין מיין מויל, דאָס היט איך צו ריידען.

און בלק האָט צו איהם געזאָגט:
— קום נאָר מיט מיר צו אַן אנדער אָרט, וואָס פון דאָרט וועסטו איהם זעהן, נור איין ברעג פון איהם וועסטו זעהן, און אין גאַנצען וועסטו איהם ניט זעהן, און שעלט מיר איהם פון דאָרטען.
און ער האָט איהם גענומען צו שדה צופים, אויפ׳ן שפּיץ פון פסגה, און ער האָט אויפגעריכט זיבען מזבחות און ער האָט אויפגעבראכט אַ רינד און אַ שאָף צו יעדען מזבח.
און ער האָט געזאָגט צו בלק׳ן:
— בלייב דו שטעהן ביי דיינע בראַנדאָפּפער און איך וועל מיך געהן צוזאמענטרעפען.

און גאָט האָט זיך געטראָפען צו בלעם׳ן און האָט געטהאָן אַ וואָרט אין זיין מויל, און האָט געזאָגט:
— געה צוריק צו בלק׳ן און אַזוי זאָלסטו ריידען.

די רייד
פון
בלעם

איז ער צוריק געקומען צו איהם און איהם געטראָפען שטעהן ביי זיינע בראַנדאָפּפער, און מיט איהם די הארען פון מואב.
האָט בלק צו איהם געזאָגט:
— וואָס האָט גאָט גערערט?
און ער האָט אויפגעהויבען זיין שפּרוך און האָט געזאָגט:
שטעה אויף, בלק, און הער,
האָרך, דו זוהן פון צפור!
ניט אַ מענש איז גאָט וואָס זאָל ליגען זאָגען,
ניט קיין מענשען־זוהן וואָס זאָל זיך בעדיינקען
צי אַז ער האָט געזאָגט — וועט ער עס ניט טהאָן,
צי אַז ער האָט גערעדט — וועט ער עס ניט אויספיהרען?
זעה, צו בענשען האָב איך בעקומען: —
ער האָט געבענשט, און איך קאָן ניט צוריקהאַלטען.
ער האָט ניט דערבליקט קיין אונרעכט אין יעקב,
און ער האָט ניט דערזעהן קיין פאַלשקייט אין ישראל.
יהוה, זיין גאָט איז מיט איהם, —
און דאָס שאַלען פון אַ קעניג איז אין איהם.
דער גאָט וואָס האָט זיי ארויסגעצויגען פון מצרים —
שטאַרקייט און ערהויבענקייט צו איהם.
דען עס איז ניטאָ קיין כשוף אין יעקב,
און קיין צויבעריי אין ישראל,
און אין דער צייט וועט געזאָגט ווערען צו יעקב און ישראל
וואָס גאָט האָט געטהאָן.
פאַרוואָהר, דאָס פאָלק וועט אויפשטעהן ווי אַ לעמפּערט
און וועט זיך ווי אַ לייב אויפהויבען.
ער רוהט ניט ביז ער עסט דאָס פערצוקטע,
און טרינקט דאָס בלוט פון די דערשלאָגענע.
און בלק האָט געזאָגט צו בלעם'ן:
— שעלטען שעלט איהם ניט, אָבער אויך בענשען בענש איהם ניט.

האָט בלעם געענטפערט און געזאָגט צו בלק׳ן:

— האָב איך דען ניט גערעדט צו דיר און געזאָגט, אז אלץ וואָס גאָט וועט צו מיר ריידען וועל איך טהאָן?

און בלק האָט געזאָגט צו בלעם׳ן:

— קום נאָר, איך וועל דיך נעהמען צו אַן אנדער אָרט, טאָמער וועט עס רעכט זיין אין די אויגען פון גאָט, און דו זאָלסט איהם פון דאָרט שעלטען.

און בלק האָט גענומען בלעם׳ן אויפ׳ן שפּיץ פון דעם פּעור וואָס קוקט אריבער צו דער וויסטעניש.

און בלעם האָט געזאָגט צו בלק׳ן:

— שטעל מיר דאָ אויף זיבען מזבחות און גרייט מיר דאָ צו זיבען רינדער און זיבען שאָף.

האָט בלק געטהאָן אזוי ווי בלעם האָט גערעדט און ער האָט אויפ־געבראַכט א רינד און א שאָף צו א מזבח.

און בלעם האָט געזעהן, אז עס איז װאוילגעפעלען אין די אויגען פון גאָט צו בענשען ישראל, איז ער מעהר ניט אנטקעגען געגאַנגען מיט כשוף ווי די פריהערינגע צוויי מאָל, נאָר ער האָט געטהאָן זיין פּנים צו דעם מדבר.

און בלעם האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן, ווי ישראל רוהט צו זיינע שבטים, איז אויף איהם ארויף דער גייסט פון גאָט.

און ער האָט אויפגעהויבען זיין שפּרוך און האָט געזאָגט:

דאָס איז די רייד פון בלעם, זוהן פון בעור, און די רייד פון׳ם מאַן וואָס זיין אויג איז אויפגעמאַכט:

דאָס איז די רייד פון דעם וואָס הערט די רייד פון גאָט,
וואָס זעהט די זעהונג פון אלמעכטיגען,
וואָס פאַלט מיט אויפגעמאַכטע אויגען.

ווי גוט זיינען דיינע געצעלטען, יעקב,
דיינע רוה־פּלעצער, ישראל.

ווי וואסער־שטראָמען האָבען זיי זיך אויסגעשפרייט,
ווי גערטנער וואָס זיינען ביי א טייך ;
ווי געווירצען וואָס גאָט האָט געפלאַנצט,
ווי צעדער־בוימער ביים וואסער.

עס וועט רינען וואסער פון זיינע קאַנען,
און זיין זריעה — ביי פולע וואַסערען ;
און זיין קעניג וועט זיין מעכטיגער פון אגג,
און זיין קעניגרייך זאָל דערהויבען ווע־ען.
דער גאָט וואָס האָט איהם ארויסגעצויגען פון מצרים
שטאַרקייט און ערהויבענקייט צו איהם,
ער וועט פערצעהרען די פעלקער, זיינע פיינד,
און זייערע ביינער וועט ער צוברעכען,
און זיינע פיילען וועט ער רויט־טונקען.

ער האָט געקניהט, זיך געלייגט ווי א לייב און ווי א לעמפערט —
ווער קאָן איהם אויפהויבען ?
די וואָס בענשען דיך וועלען געבענשט זיין
און די וואָס שעלטען דיך וועלען פע־שאָלטען זיין.

און בלק׳ס צאָרן האָט גענרימט אויף בלעם׳ן און ער האָט פער־בראָכען זיינע הענד.

און בלק האָט געזאָגט צו בלעם׳ן :

— צו שעלטען מיינע פיינד האָב איך דיך גערופען און זעה, דו האָסט זיי נאָר געטהאָן בענשען שוין דריי מאָל. — אצינדערט אנטלויף דיר צו דיין אָרט, איך האָב געטראכט, אז גרוים וועל איך דיר גרויסען און זעה, גאָט האָט דיך פערמיטען פון גרויסקייט.

האָט בלעם געזאָגט צו בלק׳ן :

— האָב איך דען ניט צו דיינע שלוחים ,,אָם דו האָסט געשיקט צו מיר גערעדט אזוי צו זאָגען :

— ווען בלק גיט מיר זיין הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קאָן איך

וועלט איין,
וועלט
אויס

ניט איבערטרעטען דעם בעפעהל פון גאָט צו טהאָן גוטס אָדער שלעכטס נאָך מיין אייגען הארץ? דאָס וואָס גאָט טהוט ריידען, דאָס טהו איך ריידען.

— אצינדערט נעה איך מיר צו מיין פאָלק, קום וועל איך דיר פער־טרויען וואָס דאָס דאָזיגע פאָלק וועט טהאָן צו דיין פאָלק אין דעם סוף פון די טעג.

און ער האָט אויפגעהויבען זיין שפרוך און געזאָגט:

דאָס איז די רייד פון בלעם, זוהן פון בעור,
און די רייד פון׳ם מאן וואָס זיין אויג איז אויפגעמאַכט:
דאָס איז די רייד פון דעם וואָס הערט די רייד פון גאָט,
און וויים דאָס וויסען פון דעם אויבערשטען,
וואָס זעהט די זעהונג פון אלמעכטיגען,
וואָס פאַלט מיט אויפגעמאכטע אויגען.

איך זעה איהם, אָבער ניט אצינ־ערט,
איך קוק איהם אָן, אָבער ניט פון נאָהענט;
א שטערען וועט אויפגעהן פון יעקב,
און א רעגיערער וועט אויפשטעהן פון ישראל;
און ער וועט צושמעטערען די ברעגען פון מואב
און ער וועט דורכלעכערען אלע קינדער פון שת.

און אדום וועט ווערען אַן ערבשאַפט
און שעיר וועט ווערען אַן ערבשאַפט צו זיינע פיינד
און ישראל וועט זיך טהאָן שטארקען.
און איינער פון יעקב וועט הער־שען
און וועט פערניכטען די איבערבלייבונג פון די שטעדט.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

און בלעם האָט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען און האָט זיך אומגעקערט צו זיין אָרט און אויך בלק איז געגאנגען צו זיין וועג.

## דוד איגנאַטאָוו:

### דזשאתן גאָלד פלעטשער'ס

### אינדיאַנער מאָטיוועז.

פיוט.

מזרח, היים וואו די זון ווערט געצונדען;
צפון, פינסטערע הייל וואו דער ווינד שלאָפט;
דרום, זומפּ וואו דער שלאַנג נעבעל שטייגט;
מערב, פעלד מיט דעם וועג פאר געשפּענסטער:

הערט מיין געבעט!

איך בויג זיך צו די וועלט־טהיילען:
איך גרים די זון און די ערד — מיינע עלטערען.
זאָלען מיין ברודער און שוועסטער — ווינט און וואסער,
טראָגען מיין געשריי צו איהם וואָס וואוינט אויבען.

א סך האָב איך צו זאָגען צו דיר,
גייסט, וואָס וויל ניט הערען;
א סך האָב איך און מיין פאָלק אין אונזערע הערצער,
א סך גרויסען וועה.

א סך עלטסטע! א סך קריעגער! א סך יונגע מענשען!
א סך פרויען! א סך הינט! א סך געוועהר!
ווי האָסטו דאָס אלץ געקענט אוועקנעהמען פון אונזער שבט?
ביזטו דען ניט מעהר ווי א געמיינער שאָוני?

פארוואָס האָסטו אונז אויף אזוי לאַנג פערלאָזען?
זיינען מיר דאָס געקומען פון דעם טויטליכען לאַנד פון פינסטערניש,
פון דעם לאַנד פון קאַלטע און לאַנגע נעכט און ווינטערס,
נאָר אויף צו שטארבען אויף דעם אָרט?

זועלט איין,
זועלט
אויס

האָט דאָס דער גרויסער טייך, וואָס דיין פינגער האָט געצייכענט,
אונז אָפּגענאַרט מיט זיין שטראָם?
זיינען דאָס די ווילדע גענז און די שטאָרכען
געפלויגען צו דרום נאָר אויף צו שפּעטען פון אונז?

דו, וואָס האָסט אונז ארומגעשטעלט מיט א נעץ פון פיינד,
זאָג, וואוהין מעגען מיר וואַנדערען?
מיר מידע, מיר אויסגעמאַטערטע, מיר פערלוירענע, מיר פערלאָזענע,
וואו איז אונזער שטענדיגע היים?

מענשען מיט ווייסע פּנים'ער און ליגנערישע הערצער
האָסטו ארויפגעשיקט צו אונז.
מיר האָבען זיי אויפגענומען, מיר האָבען געגלויבט, אז דאָס איז דיין ווילען.
זעה, וואָס זיי האָבען געמאַכט פון אונז!

מיר ווייסען, אז דו ביזט אונזער פאָטער,
מיר ווייסען, אז נאָר די הילף און נאָר די שטאַרקייט איז אין דיר;
שיק דאָס פייער וואָס דו האָסט אָנגעצונדען,
מיר האָבען ניט קיין אַנדער ליכט.

העלף די קראַנקע, טרייסט די אַלטע,
גיעב זיעג צו אונזערע קריעגער,
רויב ניט די קינדער פון מאַמעס,
שיק ניט קיין הונגער אויף אונז!

דער גרינער קוקורוז, וואָס כוואַליעט זיך אינ'ם זון־ליכט,
איז דיינער. דיינער איז אויך דער גרויער וואַלד.
אָהן דער זון, וואָס דו האָסט געצונדען,
וואָלט דער וועג פערלוירען געוואָרען אין פינסטערניש.

דו האָסט ארייננעבלאָזען פייער אין אונזערע נאָזלעכער, —
טו פאַר וואָס האָט דאָס איצט קיין ווערטה ניט?

דו ווענסט דאָס ניט לאָזען פערניכטען.
אַלץ וואָס דו טהוסט איז רעכט.

צו דעם מזרח, דאָס שטייגענדע פויגעל־געזאנג.
צו דעם צפון, דער רויש פון וועלדער.
צו דעם דרום, די ברוינקייט פון טייכען.
צו דעם מערב, דער זיפץ פון גראָז.

הערט אונזער געבעט!

מיר בויגען זיך צו די וועלט־טהיילען,
מיר גריסען די זון און די ערד — אונזערע עלטערען.
נאָך אַ מאָל איז דאָס ליעד אוועק פון צווישען אונז,
ווי אַ רויך איז דאָס פערשוואונדען אין׳ם זונען־ליכט.

### אַ שלאַכט־ליעד

שוין זיעבען מעת־לעת זיינען מיר וואך.
שטיל, אויסגעמאַטערט, אָהן שלאָף
ווארטען מיר אויף די נייס פון אונזערע שפּעהער,
ווארטען מיר צו זעהן, אויב אונזער גורל איז גוט.

פאַר וואָס האָט דער זון־גייסט
אריינגעלעגט אונרוה אין אונזערע הערצער?
ווי דער טונקעלער וואָלקען וואָס פליהט ארויף,
און ברענגט דעם דונער,
אַזוי שפּאַנט די שלאַכט צו אונזער היים.

די וואָג פון הונגער און טויט
ליעגט אויף אונזערע ביקסען.
קיין וואָרט פון דעם רוהלאָזען הימעל.
קיין רויך פון די פייער־פּאַנען.

דער עלטסטער הויבט אויף זיין קול און גיט אן ענטפער:

„אָדלער! שלאַכט אָדלער!
דרעהסט און שיפסט זיך איבער אונז!
נייסט, וואָס שרייט אין דער לופט,
נייסט, וואָס קעמפפט מיט'ן ווינד,
נייסט, וואָס קוקט צו דער זון פון די בערג־שפּיצן,
פיל אָן אונזערע הערצער מיט מוטה!

„לאַנג צוריק האָבען אונזערע עלטערן,
ווי אָדלערס נאָך א הירש,
נאָכגעיאָגט דעם טשיקאַסאָו שבט.

„זיי האָבען אונז אין דער שטיל
אַנגעבאָטען זייער פולווער און פייל־בויגען,
האָבען אונז בעוועגט צו פעראכטונג,
ווייל זיי האָבען געדורשט נאָך געשלעג.

„דער פיינד האָט אויפגענומען.
זיי האָבען אַנגעלאָדען,
האָבען זיך פאַרטיג געמאַכט צום קריעג.

„איין גלאַנץ פון אונזערע ביקסען;
איין שטראָם פון רויטען טויט.
נאָכדעם — פליהענדיגע, שרייענדיגע אָדלערס,
און מיר זיינען געקומען אהיים מיט די העק.

„אָדלער! שלאַכט אָדלער!
די פעדערען זיינען געפלעקט מיט רויטען טויט.
נייסט, וואָס פאָדערט אויף דעם בליץ,
נייסט, וואָס פליהט א גאַנצען טאָג און ווערט ניט מיעד,
נייסט, וואָס איז נאָהענט צו די שטערען פון הימעל,
פיל אָן אונזערע הערצער מיט מוטה!"

אינדיאַנער
געזאַנגען

די שפּעהער האָבען זיך צוריקגעקעהרט
מיט מיעדע אויגען.

דאָס ליעד ווערט שטיל.
דאָרט ווייט ארויף הויבט זיך צו דעם הימעל
א לאַנגער, בלויער פעדער רויך
פון די ווייטע בערג.

דאָס איז די גרויסע שלאַכט־פייער־פּאַן.
די ווייבער ווייגען זיך פאַנאַנדער.
מיר פארבען שטיל אונזערע פּנים'ער,
שטיל שארפען מיר די העק,
שטיל ווערט צו יעדען קריעגער
דערלאַנגט דער אָדלער־פעדער.

שטיל, הונגעריג און מיעד.
מיר ריהרען זיך פון אָרט,
ווי וועלף דערשמעקענדיג בלוט.

אַ קוקורוזע !...

שפּראָץ, גריגע קוקורוזע, אויף דעם בוזעם פון דער ערד, דיין מוטער.
פערטרוי דיינע יונגע גרינע פיילען צו דעם ווארימען גרויען רעגען.
וואקס, גרינע קוקורוזע, די הירשען וועלען ניט שפּרינגען אין דיר.
שפּרינג אויף, גרינע קוקורוזע, דער ווינטער פון דער ערד איז פאַרביי.

ציטער, גרינע קוקורוזע, — די הירשען שפּרינגען אויף די וועגען.
רויטעל זיך, גרינע קוקורוזע, רויטע פרענזען אין דיינע בלעטער.
כוואליע זיך, גרינע קוקורוזע, שרעק זיך, רויש, ציטער אויף און פלאַטער,
די הירשען ווילען דיינע קערנער עסען.

שמייכעל גרינע קוקורוזע, גאָלדענער ציערונג אין זון־ליכט.
שיין, גרינע קוקורוזע, זילבערנע טהוי־קרעלען אין דיינע צולאָזטע האָר.
בייג זיך צו דעם ווינט, רייץ די הירשען, לאָק זיי צו זיך,
נעה אויף דיין וועג — באלד וועלען דיינע צרות ווערען גרויס.

דאר, אָ גרינע קוקורוזע, אונטער דער היץ פון דעם הייסען זומער,
קוק זיך אום, אָ קוקורוזע — הירשען פאַשען זיך ווייט ארויף.
מאַטער זיך, אָ קוקורוזע, ברעך דיינע שלאַנקע שייד־דעקלעך.
פרעה זיך, אָ קוקורוזע, מיט דער שווערקייט פון דיינע גאָלדענע פשויען.

ברעך דיין שטאַם, אָ קוקורוזע, עס קומט די צייט פון שייער;
די שנעל פיסיגע הירשען גנב'נען די צייטיגע קערנער.
וויין אינ'ם ווינט, אָ קוקורוזע, זאָל דיין שעהנקייט זיך ניסען אין טרערען־סטענגעם —
מען נעמט פון דיר אוועק דאָס לעבען, וואָס דו האָסט פון דער ערד געבראַכט.

פלאַץ, אלטע קוקורוזע, רויש דיין וועהטאַגדיגען לייב,
פלאַץ, אלטע קוקורוזע, שיט אויס דיינע צייטיגע קערנער.
די יונגע הירשען שלאַנגען זיך ערגעץ ווייט פון דאנען,
די אלטע הירשען, קראַנק און שוואַך, רוהען אין דיין שאָטען.

פערשווינד, אלטע קוקורוזע, אין דעם בוזעם פון דער ערד, דיין מוטער.
פערטרוי צוריק אין איהר שטילקייט די דינע וואָרצלען פון דיין פיין.
זאָל דער שניי און דער אייז פון ווינטער זיך הויבען איבער דיר, וואו דו ביזט בעהאַלטען.
נאָר אין ניכען קומסטו ווידער צוריק, צוריק צו דעם איינענעם וועה.

ל. שאַפּירא:

# ר ו י ך



ל. שאַפּירא:

# רויך.

געווידמעט דעם אָנדענק פון י. ל. פּרץ.

## א.

פון ערשטען ציה איז ער געוואָרען טונקעל־רויט, ווי ער וואָלט אויפגעהויבען אַ משא, און איז זיך פערגאַנגען אין אַ שווערען הוסט. אָבער „גרויסע“ האָבען דאָך גערויכערט: עפּעס מוז זיין דערין. ער האָט זיך פער׳עקשנ׳ט — און זיך צוגעוועהנט.

דער פאָטער איז געוועזען אַן אָרעמער מלמד, און דערצו טאָרען יונגלעך נישט רויכערן — האָט ער געקליבען „שטיקלעך“.

שפּעטער, לערנענדיג אין קלויז, האָט ער שוין עפּטער געהאַט אַ פּעקעל טאַבאַק. ער האָט קיינעם קיינמאָל נישט אָבגעזאָגט אַ ציגאַר־טיטון ווען ער האָט געהאַט, און זיך נישט געשעמט צו בעטען ווען ער האָט נישט געהאַט.

ער האָט געהייסען מנשה.

פון קלויז האָט מען איהם צוגענומען פאַר אַן איידעם צו ר׳ שואל מאַראַוואַנער. ר׳ שואל איז פערזענליך געקומען מיט׳ן שדכן אין קלויז אריין. דער גרויסער יוד מיט די אַראָבגעהאַנגענע ברעמען האָט אַ ווייל֞ע בעקוקט מנשה׳ן שווייגענדיג. דער בחור איז הויך, ברייטליך און קרעפטיג. דער חסיד׳יש־סוחר׳ישער האַלב־לאַנגער סורדוט וועט איהם פּאַסען אויסגעצייכענט. ר׳ שואל האָט אַ קוק געטהאָן צו׳ן איהם אין ספר, געשטעלט אַ פּאָר פראַגען, פערפיהרט אַ שמועס סתם אין דער וועלט אריין, און געהאָרכט מיט געשפּיצטע אויערען און קוקענדיג אָן אַ זייט דעם בחור׳ס בעשיידענע, אַ ביסעל קירצליכע בעמערקונגען. דעם שמועס האָט ער אָבגעבראָכען אינמיטען, אויפשטעהענדיג פון דער לאַי־גער באַנק:

— נעהם דיינע תפלין. —

ב.

אין איינער פון די אינטימסטע מינוטען האָט איהם דאָס ווייבעל געפרעגט:

— וואָס פאר א טעם, א שטייגער, פיהלסטו אין דיין טיטון? גיב מיר א ציה טהון — לאָמיך אויך וויסען.

ער האָט ארויסגענומען פון זיין מויל דעם ברענענדינגען, צונויפ־געדרעהטען ציגאַר־טיטון און איהם צוגעטראָגען צו איטעם ליפען. זי האָט א פיפקע געטהאָן, רעש׳דיג, אונגעשיקט, ווי מיט קישעלעך.

— פ־פע! — האָט זי זיך אָבגעהוסט. — רויך, און מעהר גאָרנישט.

ער האָט געשמייכעלט.

— רויך, אָבער ס׳איז גוט.

— וואָס איז דאָ די גוטקייט? ביטער, און פערגעהט אין די אויגען.

ער האָט צוריקגעלאכט.

— אָבער גוט, — האָט ער ווידערהאָלט.

און א וויכער פון ברענענדער בושה און ברענענדער העזה האָט פערדרעהט די צוויי יונגע מענשען אין זיינע פאָלדען. —

ג.

דעם איבערגאַנג צו דער שפע פון שוועהר׳ס הויז האָט ער אָנגענומען אָהן קבצנ׳ישער זשעדנעקייט. בלויז אין איין־איינציגער זאך האָט ער זיך נאָכגעגעבען: ער האָט געברויכט דעם בעסטען טאבאק, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט קריגען. יונגעלייטלעך אין קלויז האָבען געוואוסט דערפון און האָבען זיך אָפט און גערן בענוצט מיט זיין טאבאק־פושקע. ר׳ שואל׳ס עלטערער איידעם נחמיה האָט איהם אמאָל אָבגערופען אין קלויז אָן א זייט:

— וואָס לאָזסטו זיי אויסרויכערן דיין טיטון, די חזירים? ניש־קשה, אליין קויפען זיי מאכאָרקע.

מנשה האָט איהם רוהיג אָנגעקוקט.

— ווי קאָן מען אָבזאָגען יענעם א ציגאַר־טיטון?

נחמיה האָט געוואָרפען אַ פאָרזיכטיגען בליק ארום. איין אייגעל האָט זיך ביי איהם פערמאכט און דאָס צווייטע האָט אויפגעשיינט מיט חכמה.

— שוטה, וואָס פערשטעהסטו דאָ נישט? טהו אזוי ווי איך: צוויי סאָרטען.

ער האָט זיך פערחלינעט מיט אַ געלעכטערל.

מנשה האָט דערויף גאָרנישט געזאָגט, נאָר קיין צוויי סאָרטען טאַבאַק האָט ער נישט איינגעפיהרט.

ער האָט פערבראכט אין קלויז, געלערנט אין דער היים און שפּאַצירט מיט׳ן שטעקען אין האנד. צייטענווייז פלעגט ער זיצען און שווייגענדיג זיך צוהערען צו געשפּרעכען וועגען מסחר, וואָס ר׳ שואל האָט געפיהרט מיט יודען סוחרים. אין יענע יאָהרען פלעגט מען „פאָהרען קיין דאנציג״, אָדער קיין לייפּציג, אָדער קיין קעניגסבערג. ר׳ שואל איז געוועזען פון די דאָזיגע פאָהרער קיין דאנציג. דעם עלטערן איידעם, נחמיה׳ן, האָט ער געפּעפּעגט אַ שניט־קראָם: „זעץ זיך אוועק און מעסט לייוועגד״. נחמיה האָט געוועזען געפּרובט אַ רעד טהון וועגען „דאנציג״, האָט איהם דער שוועהר מיט בטול אוועקגעמאכט מיט דער האנד. מיט מנשה׳ן האָט ער וועגען מסחר קיין וואָרט נישט גערעדט. מנשה האָט אויך געשוויגען. ביז איטע איז געליגען געוואָרען און געבוירען אַ צווילינג — צוויי יונגלעך.

דעם אָוועגד נאָכ׳ן דאָפּעלטען ברית האָט דער שוועהר אריינגערופען מנשה׳ן אין אַ בעזונדערן חדר, האָט איהם דערלאַנגט אַ פּעקעל אסיגנאַציעס און געזאָגט:

— פאָהר.

מנשה האָט זיך אַ ביסעל געשראָקען.

— איך וויים דאָך גאָרנישט וואָס און ווען...

— וועסט שוין וויסען. אז דו׳סט פּטר׳ן דאָס ביסעל געלד, וועסטו וויסען.

דאָס איז געוועזען חנוכה־צייט. ערב פסח איז מנשה געקומען צוריק. מ׳האָט פרעהליך פערבראכט די ערשטע צוויי טעג יום־טוב און „דאנציג״

אפילו נישט דערמאָנט. ערשט אין אָוונד פון צווייטען טאָג, מיט׳ן אריינטריט פון חול־המועד, האָט ר׳ שואל איינגעלאדען מנשה׳ן צו זיך אין צימער.

— וואָס הערט זיך?

— איך וויים שוין א ביסעל, — האָט מנשה געענטפערט און גע־וואָרען רויטליך.

ר׳ שואל האָט צונעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

און נאָך פסח האָט מנשה ווידער געקראָגען א פעקעל אסיגנאציעס און איז אוועקגעפאָהרען קיין דאנציג. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער פאָהרען רעגעלמעסיג אויף צוויי־דריי חדשים יעדעס יאָהר, און מאנכעס מאָל צוויי מאָל א יאָהר.

## ד.

מיט׳ן גאנג פון די יאָהרען זיינען קינדער געווען פול אין אלע ווינ־קעלעך פון הויז. איינינע האָבען געהאלטען אין אונטערוואקסען, אנ־דערע האָבען ארומגעפויזעט, נייע זיינען געבוירען געוואָרען. ר׳ מנשה— ער איז געוואָרען „רב״ מנשה אונטער דער צייט — האָט צוגעקוקט און רוהיג געלאכט. ר׳ שואל איז שוין נישט געווען, זיינע געשעפטען זיינען איבערגעגאנגען צו ר׳ מנשה׳ן, ווי אויך דאָס אלטע הויז מיט די ברייטע חדרים.

אין די חדשים פון יאָהר וואָס ר׳ מנשה האָט פערבראכט אין מארא־וואן האָט ער געלעבט ווי פריהער: בעזוכט צוויי מאָל טעגליך די קלויז, בייטאָג געלערנט, אין אָוונד געשמועסט פון געשעפט. איין ענדערונג האָט אויסלאנד געמאכט אין זיינע געוועהנהייטען: ער האָט איצט גע־רויכערט ציגארען.

— א ציגאר־טיטון איז א יונגעלשער עסק, — האָט ער שמייכ־לענדיג ערקלערט. — א יוד מיט א באָרד, א טאטע פון קינדער, דארף רויכערן א ציגאר. די דייטשען זיינען נישט קיין נאראָנים.

ציגארען זיינען נישט געווען דאָס איינציגע, וואָס אויסלאנד האָט

מיטגעבראכט, נאָר דערפון האָט געוואוסט נאָר איטע אליין. דאָס הייסט, נישט געוואוסט — געפּירט. ווי אזוי האָט ער דאָרט געלעבט אין דעם אויסלאנד? וואָס איז דאָס אזוינס איבערהויפּט, דאָס דאָזיגע אויסלאנד? — וועגען דעם האָט זי נישט געטראכט, נאָר איהר האָט זיך עפּעס געדאכט, אז דער יוד ווערט וואָס אמאָל ברייטער און העכער, און ס'האָט זי געוואונדערט, וואָס די מאָס פון זיינע מלבושים ענדערט זיך נישט. ער האָט געהאט אזא טבע צו שמייכלען מיט די אויגען אליין, און דער דאָזיגער שמייכלענדיגער בליק האָט זי ארייננגענומען אין זיך און זי מיטגעטראָגען ערגעץ אהין, וואוהין ער האָט געפּלאָסען רוהיג, טיעף, אָהן אָבשטעל, ווי דער גרויסער טייך וואָס איז יאָהר־איין יאָהר־אויס נעגאנגען פאַרביי דער שטאָדט אין די ווייטע וועלט אריין. דאָס האָט זי נישט געשראָקען; פערקעהרט, זי האָט זיך געפיהלט זעהר געזיכערט אין דעם דאָזיגען ברייטען שטראָם ערגעץ אהין. און מאנכמאָל האָט זי זיך געטוליעט צום מאַן און אפילו פּרובירט צו נעהמען א ציה פון זיינע ציגארען. דאָס האָט געפיהרט צו טרערען אין די אויגען און ספּאזמעס פון הוסט, און ער האָט זי לייכט געקלאפּט איבער דער פּלייצע און געלאכט.

ה.

אין שטוב האָבען זיך שוין ארומגעדרעהט א פּאָר היבשע בחורים, און א גאנצע מחנה קליינוואַרג און האלבוואוקס האָבען זיך געשטויסען און געשטופּט נאָך זיי.

דאנציג איז שוין נישט געווען דאָס "אנציג וואָס אמאָל. איטע האָט געדריקט און געדריקט די הוצאה ארונטער; בלויז אויף ר' מנשה'ס ציגארען האָט זי צו קארגען נישט ערלויבט, און ער האָט איהר דערין נישט געשטעלט זיך דערנעגען. לסוף איז עס געקומען אזוי ווייט, אז די פּאמיליע האָט געמוזט פערלאָזען דאָס אלטע הויז מיט די ברייטע חדרים און געהן אין שכנות. דעמאָלט האָט ר' מנשה זיך אוועקגעזעצט אויף א טאָג ביי זיך אין צימער און א שטארקען טראכט געטהאָן וועגען דעם, וואָס איז דער מעהר מיט דאנציג. ער איז געזעסען, געקוקט אין

פֿענסטער, גערויכערט ציגאַרען און געטראַכט. און צומאָרגענס איז ער אוועקגעפֿאָהרען אויפֿ'ן דאָן.

ער האָט זיך ארומגעשטויסען אין קאָכיגען ראַיאָן צווישען אונטער־שטען דאָן און קאַספּישען ים עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד, האָט געקוקט, געטראַכט, געצעהלט און גערעכענט — און לסוף האָט ער מיט דער רעכטער האַנד פֿערבויגען אַ פֿינגער אויף דער לינקער און געזאָגט: „קאַוויאַר". און האָט זיך גענומען פֿערבינדען דעם דאָן מיט דאַנציג.

דאָס פֿערבינדען האָט געדויערט צוויי יאָהר, וואָס זיינען געווען די שווערסטע פֿאַר די פֿאַמיליע אין דער היים. נאָר אַז ער האָט נאָך די צוויי יאָהר פֿערלאָזען דעם דאָן אויף עטליכע חדשים אָברוה, האָט מען אין דער געגענד אָנגעהויבען צו דערמאָנען פֿערגאַנגענע פּאַסירונגען לויט אַ נייעם לוח: די און די מעשה איז געשעהען אין דער צייט, „ווען ר' מנשה מאַראַוואַנער האָט אָנגעהויבען צו פֿאָהרען אויפֿ'ן דאָן". און אַז ער איז געקומען אהיים, האָט ער צוריק אָבגעקויפֿט דעם אַלטען ר' שואַל'ס הויז, און דאָס לעבען איז אַוועק ווי אין די פֿריהעריגע יאָהרען.

קיין דאַנציג איז ער איצט געפֿאָהרען איינמאָל אין צוויי־דריי יאָהר, הערפֿאַר אָבער האָט ער צוויי־דריטעל פֿון זיין צייט פֿערבראַכט אויפֿ'ן דאָן. נאָכ'ן קאַוויאַר האָט ער געלאָזען אין גאַנג גערויכערטע „וואָבלאַ", און נאָך דער וואָבלאַ — אַ לאָקאַלען סאָרט סאַרדינען, וואָס ער אַליין האָט זיי ענטדעקט. ער האָט פֿערדיענט פֿיעל און פֿיעל פֿערלעבט: איין קינד נאָכ'ן צווייטען איז געוואַקסען, האָט געלעבט און געלערנט און איז לסוף געשטעלט געוואָרען מיט'ן פֿאָטער'ס הילף אויף אייגענע פֿיס. צו דער חתונה פֿון דער מיזינקע האָט ער צונויפֿגערופֿען אַלע קינדער. מ'האָט זיך משמח געווען גאָר אויפֿ'ן גרויסען, פּאַרצייטיגען שטייגער, און צום סוף פֿון שלייער־וואַרמעס האָט ר' מנשה זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זיין שטוהל אויבענאָן ביים טיש:

— קינדער — מעהר פֿאָהר איך נישט אויפֿ'ן דאָן. איך האָב גע־לאָזען פֿאַר מיר מיט דער אַלטער צו דערלעבען אונזערע פֿאַר יאָהר — דאָס איבעריגע נאַט אייך אוועק. פֿאָהרט געזונטערהייט, און זאָל דער אויבערשטער געבען, איהר זאָלט אָבלעבען אייערע יאָהרען נישט ערגער

ווי איך האָב אָבגעלעבט מיינע. פאַר אונז דאַרפט איהר נישט דאגה׳ן — מיר וועלען צו׳ן אייך נישט אָנקומען.

ו.

דאָס לעבען האָט געפלאָסען ווי אַ טייך נאָהנט פון זיין אויסגוס: וואָס ברייטער און טיעפער, אַלץ געלאַסענער און רוהיגער. דעם יודען׳ס הויכער, גלאַטער שטערן האָט געוויזען בלויז איין דינעם, לאַנגען קנייטש פון שלייף צו שלייף, און די שווארצע האָר האָבען ערטערוויז שוואַך געווייסעלט. אין די זומערדיגע פריהע פאַרנאַכטען, אינ׳ם אָראַנזשען־גליה פון דער פערגעהענדער זון, פלעגט ער, ווי פריהער, שפּאַצירען מיט׳ן שטעקען אין האַנד, און זיין טראָט איז געווען געמאָסטען און זיכער, און דער רוקען איז געשטאַנען גלייך אונטער׳ן נאַקען, נאָר די אויגען האָבען געקוקט פערטראַכט, שטאַרק פערטראַכט.

אין די מיטעל־יאָהרען פלעגט ער לערנען מייסטענס מיט די אויגען. איצט האָט זיין שטימע עפּטער געקלונגען אין דער אַלטער קלויז אין די שטילע בייטאָגען, האָט געצויגען דעם מילדען און אומעטיגען נגון פון זיין יוגענד, געצויגען איהם דין און דינער, שטיל און שטילער, ביז ער האָט געזונקען אין דער אַרומיגער שטילקייט ווי דער נאָכציטער פון אַ סטרונע — און ווידער זיך געהויבען און געשטיגען ביז צו זיין פולען קלאַנג. דאָס איז געווען זיס און ביטער, ווי קינדערשע טרערען.

ער האָט גערן פערבראַכט אין קלויז מיט די יונגערע לערנער אין שמועסען וועגען תורה און דרך־ארץ. וועגען אויסלאַנד און זיין לעבען ווייט פון דער היים האָט ער זיך נישט אריינגעלאָזען אין צופיעל פרטים.

— מענשען לעבען און שטאַרבען דאָרט אזוי ווי דאָ ביי אונז, — האָט ער קורץ געענטפערט און געשמייכעלט מיט די אויגען. — אַ סלאַוויטער ש״ס אָדער אַ לייפּציגער — וואָס איז די נפקא מינה? נישט מעהר, דער דפוס און די טאָוולען. דער תוכן, ווידער —

און פערקוקט זיך אויפ׳ן שנירעלע רויך, און געהיט, אז דאָס ווייס־ליכע אש, וואָס איז ווי אַ טשערקעסישע „פּאַפּאַכע“ געזעסען אויפ׳ן

קעפּעל פון זיין ציגאַר, זאָל נישט אַרונטערפאלען און זיך האלטען אזוי לאַנג ווי מעגליך.

קומענדיג איינמאָל נאָך שחרית פון קלויז מיט'ן טלית און תפלין אונטער'ן אָרם, האָט ר' מנשה געטראָפען אין הויז זיסלען, דעם יונגסטען פון זיינע זיהן.

— אהאַ! כ'האָב אָבער געוואוסט, אַז דו'סט קומען.

דעם יונגענמאַן האָבען זיך געביטען די קאָליערען אין פּנים.

— נו־נו, — האָט איהם דער פאָטער בערוהיגט, — כ'האָב נישט געמיינט דיך מבייש צו שטעלען. עס געהט דיר נישט גוט, אה? אָבער פריהער געה וואַש זיך, וועלען מיר עסען וואַרמעס.

ר' מנשה האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויסהערענדיג דעם זוהן'ס געשיכטע: געוועזען זעהר א גוטער פּלאַן... ווער זאָל זיך ריכטען, אַז...

— כ'האָב געוואוסט, אַז דו'סט קומען: ביזט א ריזיקאַנט און אַביסעל איבעראיילט, — אָבער סט'זיך אויסלערנען. פאַר דיר טאַקע האָב איך אָבגעלעגט א קליינע סומע געלד. ס'איז נישט קיין סך, אָבער וועסט קאָנען אָנהויבען פון דער התחלה, און האלט דיינע אויגען אָפען. נא, אָט דאָ האָסטו דאָס, און — קום נישט מעהר נאָך קיין געלד: ס'איז נישטאָ. מיר זיינען אַלטע לייט, און טאָמער שטאַרב איך פריהער, זאָל דיין מאַמע נישט בלייבען ווי אויפ'ן וואַסער. צו'ן אייך, קינדער, וועט זי נישט פאָהרען.

— יאָ, נאָך א זאַך, — האָט ער דעם זוהן צוריקגערופען פון דער טיר: — היינט זיינען נישט אַמאָליגע יאָהרען. אין מיינע צייטען, אַז א יוד איז געקומען קיין דאַנציג מיט א ברייטער באָרד און א הויכען שטערן, איז דאָס געווען גענוג; אַז דער קאָרן אָדער ווייץ אויף דער האַנד איז געווען גרויס און שעהן, האָט מען פערקויפט מיט ריוח, אַז נישט, האָט מען געהאַט היזק. מיר האָבען אונזערע מסחרים נישט גע־פיהרט, זיי זיינען אַליין געגאַנגען. אַז די וועלט איז היינט אַן אַנדערע דאַרף איך דיר נישט דערצעהלען, ביזט יונגער פון מיר. דעריבער, פער־שטעהסטו מיך, איז דאַנציג נישט דאַנציג, און די באָרד מיט'ן שטערן

זיינען קיין סחורה נישט. היינטיגע מסחרים דארף מען פ י ה ר ע ן, פערשטעהסט? נו, פאָהר געזונדערהייט, און זיי מצליח.

### ז.

א זומער און א ווינטער און א זומער זיינען אוועק, און ווייעדער איז געקומען דער ווינטער, פריהצייטיג און ביטער, מיט שנייען און פרעסט, און ווילדע, פערביסענע ווינטען. אין טבת האָט ר׳ מנשה זיך צונעקיהלט, א הוסט געטהאָן און געלאָזען בלוט פון האלז: דאָס האָט זיך אָבגערופען אן אלטע לונגען־ענטצינדונג, נאָך פון די ערשטע יאַנ־ צינער צייטען, וואָס מ׳האָט געמיינט אז זי האָט קיין שפורען נאָך זיך נישט געלאָזען.

עס איז צוגעגאנגען שנעל, און אין א גרויען פריהמאָרגען, ווען די שיטערע שניי־קאשע אויף די גאסען האָט זיך פאר מענ־ שען אין די אויגען געשמאָלצען אין וואסער און די לופט האָט געשמעקט א נ ד ע ר ש אָהן א פּארוואָס, זיינען במעט אלע קינדער, צונויפגע־ לאָפענע פון דער וועלט, געשטאַנען ארום טאַטען׳ס קראנקען בעט. א פּאָר חשוב׳ע בעלי־בתים און דער רב פון שטאָדט זיינען דאָ געבליבען נאָך פון ביינאכט.

שוין פון א פּאָר שטונדען האָט דער הוסט דעם חולה אָבגעלאָזען, די היץ איז אויך געפאלען, נאָר דער יונגער דאָקטאָר איז נישט אוועק־ געגאנגען. ער איז געזעסען נישט ווייט ביי א טישעל, האָט נערוועז געדרעהט זיין בליישטיפט צווישען די פינגער און געשוויגען.

ר׳ מנשה האָט געעפענט די אויגען. ס׳איז שווער געווען איהם צו דערקענען, נאָר די אויגען זיינען געבליבען דיזעלבע — מיט׳ן פערבאָר־ גענעם שמייכעל אין זיי. ער האָט געבעטען רויכערן.

— סטייטש, טאַטע —

נאָר דעם דאָקטאָר׳ס א קוועטש מיט די אקסלען האָט מבטל געווען זיסעל׳ס פּראָטעסט. ער איז בלאַס געוואָרען און דערלאַנגט דעם פאָטער א ציגאַר.

— נישט דאָס, — האָט דער קראַנקער געזאָגט. — האָט נישט ווער א ציגאַר־טיטון ?

און זיינע אויגען האָבען געשמייכעלט.

ער האָט אַ ציה געטהאָן דאָס דינע פאַפּיראָסעל און אַ רוף געטהון :

— איטע...

זי האָט אוועקגענומען די הענד פון די אויגען און זיך ארויסגערוקט פון איהר ווינקעל. די לעצטע צייט האָט זי געקראָגען אַ ניינונג צו פעטקייט און אַ ביסעל אַ קורצען אָטהעם. איצט איז איהר קליין קיילעכדיג געזיכט געווען צונויפגענומען, ווי אַ פערדריקט קינדערש פויסטעל, און איהר בליק הילפלאָז און פערלוירען : דער טייך, שוין נאָר ביים סוף, האָט זי ארויסגעוואָרפען אויף אַ פרעמדען ברעג, און אליין איז ער אוועק אין ים־אוקינוס, וואוהין אלע טייכען פאַלען אריין.

— מנשה, מנשה! — האָט זי שטיל געזאָגט.

— ווילסט אַ ציה? — זיינע אויגען האָבען געלאכט. — ס'איז רויך, אָבער ס'איז גוט.

אַ וויכער האָט אַ דרעה געטהאָן אין זיינע פאַלדען דאָס אלטע ווייבעל. זי האָט ארויסגעלאָזען גלייכצייטיג אַ וויין, אַ לאַך און אַ הוסט, ווי רויך וואָלט זי געשטיקט. ר' מנשה האָט אוועקגעלעגט דאָס פאַפּיראָסעל און אַ וואונק געטהון צום רב. יענער איז צוגעגאַנגען צום בעט און אָנגעהויבען זאָגען מיט איהם ודוי. נאָך די ערשטע עטליכע ווערטער איז דער חולה זיך פערגאַנגען אין אַ הוסט. דער הוסט האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט : ער איז פערגליווערט געוואָרען, און איז אזוי פערבליבען — אַ פערגליווערטער הוסט.

זישא לאַנדוי:

# ליעדער

א. מ. דילאן:

# ליעדער



זישא לאַנדוי:

## 1. אידישע מאַטיוועז.

מיר און זיי.

א ווייב דארף צום מאן דאָך ניט גלוסטען,
ווי ס'גלוסט ניט צום האר'ן דער קנעכט;
דאָך זיינען בייטאָג זיי ווי טויטע,
זיי לעבען ערשט אויף אין די נעכט.

עס נעהמען די אויגען זיי ברענען,
זיי ווערען פון גלוסטונג פערצעהרט;
די תאוה פון ווייבער — זי האָט דאָך
פערלאָשען דאָס ליכט פון דער ערד.

נאָר וואָהרהאפטיג זיינען מיר מענער,
צו זינד פיהרען אונז ניט די טריט,
עס גלוסט ניט צו תאוה דאָס הארץ אונז,
עס ברענען די אויגען אונז ניט.

זאָלסט פאָטער און מוטער...

זאָלסט פאָטער און מוטער פערלאָזען
און זוכען א ווייב זאָלסטו דיר;
און ווען דו וועסט זי שוין געפינען,
בעהעפטען זיך זאָלסטו מיט איהר.

זי איז פון דיין פלייש דאָך געקומען,
א ריפ פון דיין אייגענעם לייב.
און, אז ס'זאָל א דור נאָך דיר אויפשטעהן,
זאָלסטו בעשלאָפען דיין ווייב.

וועלט איין,
וועלט
אוים

### וועין ס׳געהט אַ קינד...

וועין ס׳געהט אַ קינד אַ זכר פון דער מוטער׳ס לייב,
האלט דעם קאָפּ ער שטענדיג אָבגעקעהרט,
עפּעס פיהלט ער שוין, ווי ר׳איז פון ערד געקומען,
אזוי צוריקגעהן מוז ער צו דער ערד.

ווייבער נאָר, וואָס ווייסען און געדענקען גאָרניט
און וואָס האלטען זיך אָהן בושה גרוים,
געהען מיט די קעפּ ארויפגעריסען
פון דער מוטער׳ס לייב ארוים.

### וואַכט אויף! וואַכט אויף!

און יעדער גראָז און בוים און וואָרעם
הויבט אויף מיט לויב זיך צו זיין גענאָד!
וואַכט אויף, וואַכט אויף, אומריינע ווייבער,
ווי לאַנג ס׳איז צייט נאָך, בעט צו גאָט!

נאָר ניט קיין תפילות זאָלט איהר בעטען,
גאָט וויל אזוי: טאָג אויס טאָג איין
פאַר אייער מאַן זאָלט איהר נאָר זאָרגען
און אונטערטהעניג צו איהם זיין.

### 2. פרעהליך ווערט אַזוי...

פרעהליך ווערט אזוי, דאָס באלד שוין ווידער
וועלען קומען זומערדיגע טעג,
פונקט ווי פאר אַ יאָהרען ווידער
וועלען זיין דאָ וואַרעם-מילדע טעג.

פרעהליך
יוערט
אזוי

אויסטהאָן וועל איך קענען באלד דעם מאנטעל
און ניט טראָגען מעהר קאלאָשען;
גוט אזוי איז אָהן א מאנטעל,
אָהן די נארישע קאלאָשען.

און ווען ס'פאלט שוין אויף א רעגען
איז ניט נויטיג גאָר קיין שירעם,
צו א זומערדיגען רעגען
איז ניט נויטיג גאָר קיין שירעם;

לייכט די טראָפּענס זיינע פאלען,
ווי דאָס פּלאפּלען פון א קינד —
זאָל אין יעדען הארצען פאלען
ווערטער, שמייכלען פון א קינד!

וואונדערבארע ווערטער...

וואונדערבארע ווערטער,
נויגט צו מיר זיך צו,
וואָרט, דו לאנג בעגעהרטער,
לאנג געזוכטע רוה!

שווייגענדיג זיך דרעהען
אָט אזוי זיך דאָ,
זעהען, ווי ס'פערגעהען
רוהיג שעה נאָך שעה.

און פון אלעם טראכטען
לייכט אזוי און העל;
זיצען די פארנאכטען
מיט דער ווייב ביים שוועל.

## עס בילען אין דרויסען די הינד...

עס בילען אין דרויסען די הינד,
עס טרייסעלט די שויבען דער ווינד.
און אפשר ליגען רוהיג אויף די קייטען אלע הינד
און אויף א צווייג וואו דרימעלט שטיל דער ווינד,
נאָר מיר איז שלעכט אזוי אצינד,
ווי אין דעם מח מיינעם וואָלט געטרייסעלט זיך דער ווינד,
און אין די אוי'רען מיינע וואָלטען בילען הינד.

## עס איז ניט קאַלט...

עס איז ניט קאלט, דאָך מיינע גלידער
נעהמט דורך די דינע אָוועגד־קעלט;
איך געה ארום א לייכט־פערטראכטער
אין פייכטען, ליימיג־ווייכען פעלד.

אין הימעל שווימט דאָרט א לבנה
און שטערען לויכטען איבער מיר,
דאָך וואָס בערוהיגט און עס טרייסט מיך,
לאָמטערען געלע, דאָס זייט איהר!

א מענשען'ס האנד האָט אָנגעצינדען
און הימ די גאנצע נאכט אייך אָב.
אָ, פערלאמטערענדיגע טאָלען,
איך לאָז צו אייך זיך איצט אראָב.

דער ווינד בעוועגט די קליידער מיינע,
דער ווינד בלאָזט קיהל מיר אין געזיכט,
און אין מיין הארץ איז אויפגעגאנגען
א גרויס און וואונדערבארעס ליכט.

### יולי טעג...

יולי טעג.
שווערע, שטיקענדיגע היצען.
גוט אזוי ביים ים איז זיצען
ווייט אביסעל פונ׳ם ברעג.
אינזלען טיף בעוואלדטע
דאָ און דאָרטען ליגען...
ביימער שווערע, אלטע
איבער מיר זיך וויגען.
ווינטען פון דער ווייטען געהען,
שטילע, קיהלע,
דורך די האָר מיר, דורך די קליידער וועהען,
וועהען, וועהען, וועהען — — —

### אַ גרויסע פוהר מיט האָלץ האָב איך...

אַ גרויסע פוהר מיט האָלץ האָב איך
געקויפט מיר און צוזענט,
צוהאקט עס אויך, אוועקגעלעגט
און גוט עס צוגעדעקט.

עס צוגעדעקט אזוי, עס זאָל
קיין רעגען ניט אריין:
פון נאסען האָלץ וועט קיינמאָל ניט
קיין גוטער פייער זיין.

נאָר קוילען דארף מען קריגען אויך,
דען האָלץ מאכט אוים צו טהייער:
דארפסט שייטלעך לעגען איינס נאָך איינס,
ווען ווילסט אַ גוטען פייער.

וועלט איין,
וועלט
אוים

ערשט איז עס גוט אויף קאַכען גאָר
און ס'קען דיר ניט געראָטען,
ווען ווילסט אָהן קוילען באקען וואָס
צי גאָר אָן ענטעל בראָטען.

די ברייטע העל־פערגראָזטע געגענד...

די ברייטע העל־פערגראָזטע געגענד
האָט אויפגעשמעקט אין שטוב ביי מיר,
איך געה ארויס פון צימער מיינעם
און זעץ אוועק זיך נעבען טיר.

די ענטען געהען אינ'ם פעלד אום
און טונקען זיך אין וואסער איין;
איך הויב דעם קאָפּ אויף צו דעם הימעל
צו זעהן צי ס'וועט א רעגען זיין.

ס'וועט זיין, ס'וועט זיין... די לופט ווערט פרישער.
די לופט ווערט קיהל. די לופט ווערט טיף.
פאמעלעך לאָז איך צו דער פאָסט זיך,
צו זעהן צי ס'איז פערהאנען בריף.

ס'איז היים אין שטוב...

ס'איז היים אין שטוב. איך קען ניט שלאָפען.
איך טהו זיך אָן. איך געה ארויס.
פערבוימט, פערגראָזט און פערלאָמטערענט
שפרייט מילד און לייכט די נאכט זיך אוים.

איך זעץ אוועק זיך אויפ'ן ברונען.
ס'איז קיהל און שטיל. עס געהט דער ווינד

פרעהליך
ווערט
אזוי

דורך מיינע האָר ווי שלאַנקע פינגער;
שוין האָבען מיך דערשמעקט די הינד.

זיך ציהענדיג דער גרויסער ליאָ
שטעלט פאַר'ן ברונעם באַלד זיך אָב
און קוקט אויף מיר מיט גוטע אויגען,
און לעגט אויף מיינע קניע זיין קאָפּ.

באַלד קומט אָן טעדי און ס'קומט פרעדי,
מיט וויפיעל ליעבע גלעט איך זיי! —
כ'וועל ניט צוריקגעהן אין דער שטוב שוין,
כ'וועל נעכטיגען דאָ אויפ'ן היי.

פערהאַנגען לייט...

פערהאַנגען לייט, וואָס ווילען שטענדיג רייזען
און קליין איז נאָך פאַר זיי גאָט'ס גרויסע וועלט,
דאָך מיר איז גוט אזוי דאָ אומצושפּרייזען
אין דעם פערטאָלטען און פערבערנטען פעלד.

כ'האָב היינט אזויפיעל אָנגעקליבען בערען,
אז ברענגען זיי איז מיר געוועזען שווער.
איצט רוה איך אויס. אין שיין פון די לאַמטערען
די צווייגען וויגען זיך אהין, אהער.

א רוהיגער, אין טיפען גראָז פערבאָרגען,
האָב איך זיך אין דער גאַנצער גרוים צושפּרייט.
נאָך קראַבען צו דעם טייך געה איך מיר מאָרגען,
א קאָרב און פלייש האָב איך שוין אָנגעגרייט.

## 3. דו מיין ניטדאָאיג גליק.

אַ, וויג מיך, וויג מיך, וויג...

אַ, וויג מיך, וויג מיך, וויג,
אַ, וויג מיך שעה נאָך שעה,
דו, מיין ניטדאָאיג גליק,
ווי לאנג איך בין נאָך דאָ.

איך פיהל אין יעדען ריהר,
אַ, גוטע, ווייטע פרייד,
אז דו האָסט איבער מיר
די פליגלען אויסגעשפּרייט.

ס'ווערט גוט אזוי און לייכט,
(אַ, וויג מיך, וויג מיך, וויג!)
גלייך ווי פון טוי איז פייכט
און גלאנצענדיג מיין בליק —

אַ, ווייט, ניטדאָאיג גליק.

פערהאַנען ווערטער...

פערהאנען ווערטער וואונדערבארע, דינע,
קוים זאָגסטו זיי, ווערט לייכטער דיין געמיט.
זיי זאָגען אָבער זאָגסטו קיינמאָל ניט,
אמאָל נאָר, ווען דו הערסט אליין ניט דיינע רייד,
דיר פאלען זיי גלייכגילטיג פונ'ם מויל.

דו ווייסט אפילו ניט דערפון, ערשט שפּעט נאָכדעם
דערזעהסטו, אז מיט דיר איז וואונדערבארס געשעהן:
דו רעדסט אזוינע רייד, וואָס קיינמאָל האָסטו ניט גערעדט,
דו זעהסט אזוינס, וואָס קיינמאָל האָסטו ניט געזעהן,
און אַלץ, צו וואָס דו ריהרסט זיך צו, איז פרייד און פרייד —

אַ, ווערטער וואונדערבארע, דינע.

ווער פיהרט די אַלע שיפען...

ווער פיהרט די אַלע שיפען,
וואָס געהען אינ׳ם ים? —
גאָט פיהרט די אַלע שיפען,
וואָס געהען אינ׳ם ים.

ווער שיקט די לינדע ווינטען,
וואָס וועהען אָוועגד־צייט? —
גאָט שיקט די לינדע ווינטען,
וואָס וועהען אָוועגד־צייט.

ווער שפּילט זיך מיט די קינדער,
און טהייל נעהמט צו צו זיך? —
גאָט שפּיעלט זיך מיט די קינדער
און טהייל נעהמט צו צו זיך.

און ווען מען הערט מען זינגען
ארום אונז אַלע מאָל? —
די קליינע קינדער זינגען
אין הימעל אַלע מאָל.

וועלט איין,
וועלט
אויס

פאַר אונזער חרוב אידיש לעבען...

פאַר אונזער חרוב אידיש לעבען
פאַל איך און בעט פאַר דיין גענאַד!
איך וויין אויף אונזער מאמע — ווילנא,
אויף קאַלאַמעא און אויף בראַד,

אויף ווארשוי, קאָוונאַ, קאליש, לעמבערג,
אויף גרויסע און אויף קליינע שטעדט,
וואָס ס'איז דער שונא שוין בעפאַלען,
וואָס שפּעטער נאָך בעפאַלען וועט.

אויף יעדען אידיש שמוציג געסעל,
אויף יעדער קראָם, — וויין איך און קלאָג,
אויף יעדער שענק, לאָמבארד און קרעטשמע,
אויף אונזער פאַלשער מאָס און וואָג;

אויף יעדען אידיש פרעהליך הייזעל,
וואָס אין אַ גוי'איש שטעדטעל שטעהט —
אויף אלץ וואָס איז געוועזען אונזערס
און מיט'ן רויך אצינד פערגעהט.

ס'איז ריין און העל אלץ וואָס ס'איז אידיש!
דאָס אַר'מע לעבען בוי צוריק!
און די פּעראומערטע נשמות
מיט אַ ניטדאַאיג וואָרט פערוויג.

## א. מ. דילאָן :

### ליעדער

I.

אויף וועמעס מזל קלאָגט אזוי דער רעגען?
אויף מיינעם אפשר קלאָגט אזוי דער רעגען?
אָדער אויפ'ן מזל פון א בלינדען הויקער,
וואָס שלעפּט זיך ערגעץ אויף פערשטויבטע וועגען?
צו אפשר אויפ'ן הונט, דעם גלגול פון די וועגען?
אויף וועמענס מזל קלאָגט אזוי דער רעגען?

II.

כ'זיץ אין פעלד ביינאַכט אליין.
אָט קומט מיין הונד מיט שנעלע טריט,
ער שנאָרט אהער, ער שנאָרט אהין,
מיין הונד, מיין הונד, דו זעהסט מיך ניט?

אָט איז דער הונט אויף מיינע הענט.
איך קוש איהם אָן א פולע קאָפּ,
און צואווייען זיך אזוי טיעף,
רייסט דער הונד פון מיר זיך אָפּ

און ער הויבט זיך פלוצלונג אויף,
און צובילט זיך אין דער נאַכט.
און אַן עכאָ ענטפערט אָפּ
אין דער טרויעריגער נאַכט....

וועלט איין,
וועלט
אויס

## III.

כ'טראָג מיט מיר א טאָרבע געלע בלעטער,
און צושיט זיי ביי יעדען שוועל און טיהר.
ס'מאָכען מענשען צו פאָר שרעק די אויגען,
און עמיץ שפּיר איך געהט דאָ הינטער מיר.

און מורמעלט: וואָס שפּרייטסטו געלע בלעטער?
וואָס מאָכסטו טרויעריג און געל אָזוי די וועלט?
און איך ענטפער אין א שטילען טרויער:
פרעג ביי גאָט, ביי מענשען, ביי דער וועלט...



## א. ראַבאַי:

טאָם.

גוט איז איהם געווען דעם גאַנצען ווינטער צו זיין איינער אַליין. אויף די פעלדער און וועלדער, וואו מען האָט פאַר איהם איבערגעלאָזען א גרויסע, לעדיגע הויז און א שטאַל פול מיט היי און שטרוי.

אין הויז האָט ער אפילו ניט געוואָלט אריינשמעקען. ער האָט ניט געוואָלט זיך יאָגען נאָך די ווינטען, וועלכע האָבען געבלאָזען פון איין לעדיגען צימער אין דאָס אנדערע דורך די צובראָכענע שויבען אין די פענסטער.

האָט ער זיך דערפאַר בעזעצט אין שטאַל.

א גאַנצען טאָג איז ער געלעגען אויף די קראָקוועס און שווערע פיער־עקעבדיגע באַלקענס פון שטאַל. תמיד געלעגען גענען אַן אָפענעם שפּאַלט ערגעץ אין דאַך אָדער א שפּאַרונע אין וואַנד, אויב די זון האָט זיך דאָרטאַרימער דורכגעשפּאַרט.

ער האָט ליעב געהאַט צו שלאָפען זיינע איינזאַמע, פערבעהאַלטענע דרעמלערייען, זאָרגלאָז, הינטער די וואַרימע שטראַהלען פון דער ווינ־טערדיגער זון.

ער האָט שוין געהאַט זיינע שטענדיגע ערטער.

פערשטעהט זיך, אז ער האָט זיי געביטען. איצט אויף דעם באַלקען און שפּעטער אויף אַן אַנדער קראָקווע. און געטהאָן האָט ער עס פויל און זעהר פאַמעליכען. מען וועט עס ביי איהם ניט אויסכאַפּען.

און דאָס האָט ער גוט געוואוסט, אז ווי אזוי די זון שטעהט ווינטער זעהר ווינציג אין איין אָרט, קען זי פאַרט ניט טהאָן מיט א מאָל א שפּרונג אריבער דעם גאַנצען הימעל.

ווידער איז ער אַליין שוין געווען אַלט. כמעט ניט געדענקט דעם טאָג, ווען זיין מוטער האָט איהם אוועקגעטריבען פון דער ברוסט.

און וואָס מעהרער זיינע נעגעל זיינען שאַרפער געוואָרען, האָבען זיך די ביינדלעך זיינע אָנגעהויבען פיהלען שוואַכער. א שפּרונג טהאָן

וועלט איין,
וועלט
אויס

פון איין קראָקווע צו דער אנדערער איז שוין געוועזען שווערלעך פאַר איהם.

האָט ער זיך נאָר א הויב געטהאָן פון אָרט, זיך אויסציהענדיג אין זיין גאנצער לענג און נאָכדעם אוועק, דורך ארומיגע וועגען, פויל און זעהר בעהיט, צו יענעם אָרט, וואו די זון שפּארט אריין דורך א שפּעלטעלע.

זיך אוועקגעלעגט מיט אַלע פיער הינטער זיך און אריינציהענדיג זיין קאָפּ איינגעדרימעלט.

האָט זיך איהם נאָר אויסגעוויזען אין דרימעל, ווי אזוי ער דראַפּעט זיך אויף אַן עפּעל־בוים אין סאָד און צווישען די געדיכטע צווייגען מיט די פערפלאָנטערטע בלעטלעך ווארט ער אָפּ א פויגעלע, ווען עס שטעהט אזוי פערטראכט צום הימעל. ער האָט א שפּרונג געטהאָן מיט זיינע נעגעל און טהוט עס א כאַפּ. אָדער עס האָט זיך איהם געבאָמבעלט אין קאָפּ עפּעס אזוינע זאכען, וועלכע האָבען גאָר ניט געהאט קיין אָנהויב און קיין סוף: ער איז דער אייבינער בעזיגער פון עפּעס, וואָס וועט זיך קיינמאָל גאָר ניט ענדיגען.

אזוי האָט זיך געטרוימט. אָבער דער טאָג האָט ניט געהאט צו טהאָן מיט זיינע טרוימערייען און איז זיך פּלוצים אוועקגעגאנגען פון דער וועלט. עס קומט און עס ווערט נאכט.

הויבט ער זיך אויף א פוילער, טהוט א טרייסעל מיט זיין קאָפּ און שפּרינגט ארונטער פון באַלקען אויף דער הורבע מיט שטרוי, וואָס ליעגט איינגעפּרעסט אונטען אין שטאָל.

און, ווי געוועהנליך, וואלגערט ער זיך א ביסעל אין די שטעכיגע שטרויעלעך. נאָכדעם זיצט ער א ביסעל אויף די הינטערשטע פיס און מיט די פאָדערשטע פיס וואשט ער זיך אוים זיינע פערשלאָפענע אויגען, בענעצענדיג זיי אלע מאָל מיט זיין צונג. ער פערגלעט און לעקט אויס זיינע לאנגליכע האָר, וועלכע זיינען אין פערלויף פון ווינטער ביי איהם אויסגעוואקסען.

אין שטאָל האָבען זיך דערוויי̆ל אָנגעזאמעלט א סך שאָטענס.

די פאָרעמס פון דאך און וואנד זיינען שוין פערשוואומען און אויס־געמישט זיך מיט דעם רוים פון פעלד און וואלד.

טאָם בלייבט זיצען אויף זיינע הינטערשטע פיס. ווי אַן אויסגעגאָסענער פון שטיין, טהוט ער זיך ניט קיין ריהר. נאָר אין זיינע אויגען ברענט אַ בלענדענדער פייער, וועלכער בליצט אויף און פערגעהט און פלאַמט ווייטער אויף.

עס דערהערט זיך פלוצים אַ גערויש, ווי אַ קליין שטיינדעלע וואָלט זיך פון ערגעץ אַפּרייסען און ארונטערקייקלען.

טאָם ציהט אויס זיינע אויערען.

אימיצער געהט צווישען שטרוי. טאָם׳ס אויגען גיבען זיך אַ דרעה איבער; זייער גרינליכער בליץ בייט זיך אויף אַן אויסגעברענטען קוילען־פייער.

ער טהוט אַ שפּרונג און דערפיהלט צווישען זיינע לאַנגע נעגעל עפּעס וואַרימעס און ווייכעס. נעהמט ער עס אין מויל אריין און גליטשט זיך ארונטער פון דער הורבע שטרוי און שטופּט זיך דורך אַ לאָך אויף דעם דרויסען ארויס.

אין דרויסען אויף דעם גרויסען פּלאַץ, וואָס ארום דער שטאַל, האָט טאָם דאָס מייזעל פון זיין מויל ארויסגעלאָזען. זעהט ער, אַז דאָס ליעגט, ווי אַ שטיינדעל אויף דער ערד און עס ריהרט זיך ניט פון אָרט. נעהמט טאָם און טהוט עס אַ קיצעל מיט זיין לאַפּע, קעהרט עס איבער און קייקעלט דאָס מייזעל איבער די ווינטערדיגע גראָזען.

דאָס מייזעל כאַפּט זיך אויף פון זיין טויט־שרעק און קוקט זיך ארום און ווייסט נאָך אַלץ ניט, וואו עס האָט ערגעץ פערבלאָנדזשעט, און עס הויבט אָן צו קריכען אין קרומע ליניעס. דערביי בלייבט עס שטעהן אַלע מאָל און עס מאַכט עפּעס מיט ביידע פאָדערשטע פיסלעך גיך אויף גיך.

לויפט דערווייל טאָם אָן, און טהוט עס אַ כאַפּ אין זיינע לאַפּעס און רייבט און קנעט דאָס מייזעל און טהוט מיט דעם אַ וואָרף אין דער הויך.

אַז עס איז ארונטערגעפאַלען צו דער ערד, האָט דאָס מייזעל אפּנים פערשטאַנען אָדער אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואו עס שטעהט מיט איהם און עס האָט גיך אָנגעהויבען צו לויפען און אנטלויפען.

טאם איז געשטאנען פון ווייטען. אין זיינע אויגען האבען זיך געוואָרפען פארביגע פייערלעך. ער האָט זיך באַלד אויסגעצויגען אויף דער ערד מיט זיינע הינטערשטע פיס פון הינטען און מיט זיינע פאָדער־שטע פיס העט אין פאראויס. די קאלטע ערד איז געגאנגען אין איהם אריין. ער האָט געטהאָן א ציטער און זיך אויפגעכאפט. א שפרונג געטהאָן און ביים מייזעל אָפּגעביסען דאָס קעפעל.

טאם בעלעקט זיך מיט זיין צונג און קוקט זיך ארום, ווי ווייט דאָס גרויסע לעדיגע פעלד שפרייט זיך און מישט זיך אויס מיט וועלדער און בערג, ביז אָן דאָרט אין יענעם אָרט, וואו עס שיינט עפּעס אויף אין דער פינסטערקייט, צווישען ערד און הימעל, א שאָטען פון ליכט.

איז ער אזוי געשטאנען און געקוקט, אָט אהין. אזא ברייטע און ווייטע פינסטערקייט, אזש עס ווערט איהם קאלטליך. און ער דערמאָנט זיך, אז ער האָט א שטאָל מיט א גרויסער הורבע שטרוי.

געהט ער זיך אהין אוועק.

ער טהוט א קוק. עפּעס א פרעמדער שאָטען ביים ווינקעל פון שטאָל.

ער בלייבט שטעהן און בעטראכט זיך. ניין, היינט אָוועגד זעהט ער דעם דאָזיגען שאָטען צום ערשטען מאָל.

טאם געהט ארום און ארום דעם שטאָל און בעקוקט דעם דאָזיגען שאָטען פון דער אנדערער זייט. האָט מורא צו געהן נאָהענט צו דער פרעמדער זאך. עס ווילט זיך איהם אָבער וויסען ווער און וואָס דאָס איז.

נעהמט טאם און קריכט אזוי ניעדריג ביי דער ערד און אויך זעהר נאָהענט ביי דער וואנד פון שטאָל, קריכט פאמעליכען און שטיל, ביז ער קומט צו נאָהענט צו דער פרעמדער זאך. וועלכע איז געשטאנען ווי א סלופּ שטום און בעוועגלאָז.

טאם טהוט א קוק:

א פרעמדער אין פרעמדע שטיוועל.

עס איז גענוג. טאם טהוט א שפרונג און אנטלויפט אין שטאָל אריין. ער האָט זיך קוים דערלעבט צו זעהן אויף דער הורבע מיט שטרוי. דערווייל האָט ער ביי זיך אזוי געטראכט:

וואָס אָט יענער פרעמדער מיט די פרעמדע שטיוועל זאָל איהם, טאָם'ען, ניט וועלען אָפּטהאָן היינט אויף דער נאכט, דערווייל ליענט טאָם אויף זיין שטרוי און ער וועט ניט אָפּטרעטען דאָס שטרוי אזוי גרינג.

טאָם האָט זיך איינגענורעט אין די שטרוי און זיך צונויפגעוויקעלט אין א קנויל, מיט זיין קאָפּ צווישען זיינע הינטערשטע פיס, און איז ניט געשלאָפען. נאָר אָטהעמענדיג זעהר שטיל, האָט ער זיך איינגעהערט אין יעדען איינציגען שאָרך פון דער נאכט. און אזוי ווי טאָם האָט זעהר גוט געוואוסט ווי די נאכט אָטהעמט, האָט ער דערפאר געקענט הערען יעדען שאָרך פון דעם פרעמדען אין די פרעמדע שטיוועל.

עס האָט עפּעס א קנאל געטהאָן, אזוי ווי דער פרעמדער וואָלט א טרוקען שטעקעלע איבערגעבראָכען.

טאָם האָט זיינע אויגען פערמאכט און זיך טיעפער איינגעדרעהט

און דער פרעמדער איז שוין ניט געוועזען און איז ערגעץ ווייט מיט דעם וועג זיך נעגאנגען, א רוהיגער אומקוקענדיג זיך אלע מאָל אויף צוריק.

ווייסט עס ניט טאָם. ליעגט זיך אזוי איינגעדרעהט. הערט זיך איין. און עס ציהט איהם אלע מאָל א שלאָף צו טהאָן.

ביז טאָם דערפיהלט א בלאָז פון א הייסען ווינד אויף די האָר פון זיין לייב.

א שפרונג.

בלענדע ליכט.

א שפּרונג אהין און א שפּרונג אהער. דער שטאל איז גרויס. עס ברענען אלע פיער וועגד.

און אימיצער זיצט אויף טאָם'ען רייטענדיג מיט א פלאַמענדען פאַקעל און טרייבט איהם אַרום אויף די ברענענדע וועגד, טרייבט איהם, ביז ער פאַלט אנידער א טויטער.

די מאַמע.

ב.

די יונגע באַלעבאַסטע געהט שוין אַרום עטליכע טעג גאָר אַן אַנ־דערע, פון יענעם אין דער פריה, ווען זי האָט איהר גוטען מאַן דערצעהלט דעם סוד, אַז זי פיהלט הינטער איהר האַרץ עמיצען, וואָס גראַבעלט מיט קליינינקע נעגעלעך.

היינט אין דער פריה, אַז דער מאַן איז אַוועק צו דער אַרבייט און זי איז געבליבען אַליין, האָט זי צוגעראַמט דאָס הויז, בעווישט דאָס מעבעל מיט אייל און דער מאַהלצייט האָט זיך שוין געקאָכט אויף דעם אויוועז. האָט זי דערפיהלט, אַז דער מיט די קליינינקע נעגעלעך, גראַ־בעלט ווייטער הינטער איהר האַרץ, האָט זי אָנגעהויבען אַרומצולויפען איבער די צימערען, דרעהענדיג זיך איבער די לאַנגע שמאָלע קילעמעס, וואָס האָבען זיך געשפרייט אויף דעם ריינעם, געפאַרבטען דיל.

דאָס קליינע קעצעלע איז נאָכגעלאָפען נאָך דעם זוים פון איהר קלייד און געהויבען די פיסעלעך און ניט געקענט אָנכאַפּען איהר קלייד.

די באַלעבאַסטע האָט, פּלוצים, גענומען אַ לאַנגען פאָדים און צו־געבונדען ביי איין עק פון פאָדים אַ שטיקעל פּאַפּיער און זיך אָנגעהויבען צו שפּיעלען מיט דעם קעצעלע.

דאָס קעצעלע האָט זיך געלערענט כאַפּען אַ מויז.

אַלע מאָל, ווען דאָס קעצעלע איז שוין געוועזען נאָהענט און געוואָלט אַ כאַפּ טהאָן דאָס שטיקעל פּאַפּיער, האָט די יונגע באַלעבאַסטע אַ ציה געטהאָן דעם לאַנגען פאָדים.

שפּעטער איז איהר נמאס געוואָרען, האָט זי דאָס שטיקעל פּאַפּיער געטהאָן אַ וואָרף אַוועק און איז צוגעגאַנגען צו דעם אָפענעם פענסטער.

די יונגע באַלעבאַסטע איז געשטאַנען אַריבערגעבויגען אין אָפענעם פענסטער און אַרויסגעקוקט אין גאַס. זי האָט געזעהן אין אַן אָפענעם

פענסטער פון אַן אנדער הויז, געגענאיבער, עפּעס אזוינס, פאַר וואָס זי האָט זיך פערשעהמט.

זי האָט דערפאַר גיך אַ הויב געטהאָן איהר קאָפּ און געמאַכט אַ בעוועגונג מיט איהרע פיס אוועקצוגעהן פון פענסטער.

זי האָט דערפיהלט, אז זי טרעט ארויף מיט די פיס אויף עפּעס אַ ווייכער זאַך. האָט זי זיך דערשראָקען און אוועקגעכאַפּט איהרע פיס און זיך אויסגעצויגען אין איהר גאַנצער לענג, אָנשפּאַרענדיג זיך אין דעם ביישטידעל פון פענסטער.

זי האָט דערזעהן, אז דאָס קליינע קעצעלע, דאָס ווייסינקע מיט די שוואַרצע פלעקען, ליעגט איבערגעקעהרט מיט די פיסעלעך ארויף און עס ציטערט און רייבט מיט דאָס קעפּעל אין דעם דיל.

די יונגע באַלעבאָסטע איז געבליבען שטעהן, ווי אַ פערהילצערטע און געוואָלט אנטלויפען פון דאנען און ניט געקענט.

ערשט אַ ביסעל שפּעטער איז איהר געוואָרען קלאָר, אז זי האָט ארויפגעטראָטען מיט איהרע פיס אויף דעם קליינעם קעצעלע.

זי האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטהאָן, ווי אזוי דאָס קעצעלע ציטערט און רייבט מיט זיין קעפּעל אָן דעם דיל, איבערגעקעהרט מיט די פיס ארויף, און דערפיהלט, אז איהר מויל איז פול געוואָרען מיט אַ ביטערען שפּייעכץ.

די באַלעבאָסטע איז אוועק און געבראַכט אַ גלאָז קאלטע וואַסער און אָנגעהויבען צו בעשפּריצען דאָס קאָנוואולסיווע קעצעלע מיט דעם וואַסער.

דאָס קעצעלע האָט נאָך אַלץ זיך געוואָרפען און געעפענט דאָס מיילעלע, זיך איבערגעקעהרט און אויסגעצויגען די פיסלעך.

די באַלעבאָסטע האָט זיך צואווײנט שטילערהייד און ניט בעמערקט, אז צו דעם קליינעם קעצעלע איז צוגעקומען די גרויסע קאַץ, די מאַמע.

די מאַמע האָט זיך אויך אוועקגעלעגט און אויסגעשטרעקט איהרע פיס און מיט זיי אָנגעהויבען צו שטופּען די קליינע פיסעלעך פון איהר קליינעם קעצעלע.

די מאַמע האָט ארויסגעלאָזען איהרע נעגעל פון די לאַפּעס און

מיט זיי נעקראצט די ווייכינקע לאַפּקעלעך פון איהר קליינעם קעצעלע.

נאָכדעם האָט די מאמע אַ שטויס געטהאָן איהר קינד און עס איבערגעקעהרט אויף דער אנדערער זייט.

זי אַליין איז געבליבען ליגען מיט אויסגעצויגענע פיס און האלז און זיך נעמאכט ווי זי שלאָפט, פערזשמורענדיג איהרע אויגען, און נעווארט, אז דאָס קליינע קעצעלע איהרס זאָל צוקומען. דעמאָלט וועט זי זיך אויפכאַפּען און עס דערשרעקען.

זי ווארט און ווארט. דאָס קליינע קעצעלע קומט ניט. טראכט די מאמע, אז איהר קעצעלע איז שוין קלוג געוואָרען.

כאַפּט זי זיך אויף און געהט צו שטילינקערהייד צו דעם קליינעם קעצעלע, פערפעהלט ניט אַ קוק צו טהאָן אויף דער באַלעבאָסטע, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסען אויף איהרע קניע און געוויינט, וואונדערט זיך וואָס פאר אַ נייע זאכען די באַלעבאָסטע הויבט אָן איינצופיהרען.

די מוטער געהט צו צו איהר קעצעלע, טהוט איהם אַ קיצעל מיט איינעם פון איהרע פאָדערשטע פיס אין בייכעל אריין.

דאָס קליינע קעצעלע ליעגט און שווייגט. טראכט די מוטער, אז עס איז שוין געקומען דער טאָג, און דאָס קעצעלע איז שוין קלוג געוואָרען. בעדאַרף מען דאָס אוועקטרייבען פון דער ברוסט. און די גרויסע קאַץ שטעהט אזוי, מיט איהרע גרויסע ברוינע אויגען קוקט זי זיך ארום.

איז זי אָבער אַ מאמע, און דאָס קליינע קעצעלע איז איהר געבליבען דאָס איינציגע פון אַלע קינדערלעך. ווערט איהר שווער דאָס הארץ און זי טהוט נאָך אַ מאָל אַ טאָרקע דאָס קעצעלע איהרס מיט דער פאָדערשטער לאַפּקע.

און אַז זי זעהט, ווי דאָס קעצעלע ריהרט זיך ניט פון אָרט, כאַפּט זי אַ בליק צו דער באַלעבאָסטע, וועלכע איז שוין געלעגען אויף דעם דיוואָן אויסגעשטרעקט מיט איהר פנים איינגעגראָבען אין דעם ווייכען אָנלעהנען.

ווערט די מוטער אומעטיג. זי דערשרעקט זיך, טהוט אַ ציטער און לאָזט ארויס אַ שוואכען, אָפּגעהאקטען „מיאַ".

נאָכדעם האָט זי אינדערניך גענומען מיט איהר דין צינגעל אָפּ־

לעקען דאָס קעצעלע, אויסגלעטענדיג די ווייסע און שווארצע האָר ווי מיט א קעמעל.

אז די מוטער האָט מיט איהר צינגעל אָנגעריהרט דאָס קליינע קעצעלע, האָט זיך עס נאָך געטהאָן א וואָרף און צוריק געבליבען ליגען ציטערנדיג. האָט די גרויסע קאץ דערזעהן, אז עס איז עפּעס נייעס און זי האָט אָנגעהויבען מיט איהר צינגעל בעלעקען איהר קינד.

געלעקט ענערגיש, ניט בלייבענדיג שטעהן אויף א מינוט, און אלע מאָל ארייגעכאפּט דאָס צינגעל אין מויל אַריין, בענעצענדיג איהם מיט דעם שפּייעכץ וואָס היילט וואונדען.

אז זי האָט עס גוט אָפּגעלעקט פון איין זייט, האָט זי עס איבער־געקעהרט אויף דער אַנדערער זייט. בעמערקענדיג, אז דאָס קעצעלע פאַלט אַוועק אויף דעם דיל ווי א שטיקעל רויהע פלייש און עס האַלט נאָך אַלץ פערמאכט זיינע אויגעלעך, האָט „די מאמע“ זיך נאָך ניט געוואָלט גלויבען, אז דאָס קינד, וואָס האָט פריהער מיט איהר זיך געשפּיעלט, זאָל שוין איצט זיין אויף יענער וועלט.

זי האָט דערפאַר אָנגעהויבען צו לעקען דאָס פערמאכטע, קליינע אויג. מיט איהר צונג, עס געעפענט און אויסגעלעקט דאָס גרויע וואַסער פון דאָרט און אַז זי האָט די צונג אַוועקגענומען, האָט זיך דאָס אויג צוריק פערמאכט.

פערמאכט דאָס אויג! — האָט די גרויסע קאץ געטהאָן א קליינעם אָפּגעהאקטען „מיאַ“ און א נעהם געטהאָן איהר קינד ביי דער פעל פון קריזש אין איהר מויל אריין און האָט נאָר געוואָלט אָנהויבען אַוועק־צוגעהן, און זי האָט זיך דערשראָקען.

די יונגע באַלעבאָסטע האָט אויפגעהויבען איהר קאָפּ, א קוק געטהאָן ווי די מאַמע טראָגט דאָס צוטראָטענע קעצעלע אין איהר מויל און א געשריי געטהאָן, זיך אויפגעשטעלט מיט איהרע פיס אויף דעם דיל און צוריק אַוועקגעפאַלען אויף דעם ווייכען דיוואַן.

„די מאמע“ האָט ארויסגעלאָזען דאָס קעצעלע פון איהר מויל און איז אַנטלאָפען און זיך בעהאַלטען אונטער א בעט.

זי איז דאָרטען געלעגען בעהאַלטען, ביז די דרויסענדיגע טהיר

האָט זיך געעפּענט און פֿערמאַכט, און זי האָט דערהערט דאָס קלאַפּען פֿון האַרטע טריט אויף דעם דיל.

דאָס, האָט זי געוואוסט, איז דער באַלעבאָס אַהיים געקומען אין זיין צייט, ווי אַלע אָוונד.

און דאָס איז אויך געוועזען אַ שטויס צו איהר גרויסען שרעק און וועהטאָג, און זי האָט אָנגעהויבען פֿריהער שטיל און נאָכדעם מעהרער און העכער צו מיאַקען.

דער יונגער באַלעבאָס האָט ניט געוואוסט פֿון גאָר ניט און עס האָט איהם זעהר געוואונדערט פֿאַר וואָס זיין ווייב איז באַלד, נאָך דעם ווי זי האָט געעפּענט פֿאַר איהם די טהיר, אַנטלאָפֿען אין איהרע שטילע, לייכטע שיך.

ער איז איהר באַלד נאָכגעלאָפֿען אין אַנדערען צימער, זיך אַריבער־געבויגען איבער איהר וואַרימער פּלייצע און געזאָגט איהר נאָהענט אין פּנים אַריין:

— ביזט עפּעס ניט געזונד?

זי האָט שטיל געוויינט.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נייעס? אוועק בין איך אין דער פֿריה, האָסטו געשמייכעלט. וואָס טהוט דיר וועה?

— נעהם עס אַרויס פֿון דאַנען! — האָט די יונגע באַלעבאָסטע בעפֿוילען וויינענדיג.

— וואָס?!

דער באַלעבאָס האָט זיך דערשראָקען. איהם איז געוואָרען קאַלט דער שטערען און אויף זיין פּנים האָט אַרויסגעזעצט אַ שוויים. ער האָט אָנגעצונדען די גאַז.

געזוכט מיט משוגע'נע, אויסגעשטרעקטע אויגען דאָס, וואָס זי האָט געבעטען, אַז ער זאָל אַרויסנעהמען פֿון דאַנען. דערזעהן ניט ווייט פֿון פֿענסטער דאָס קליינע קעצעלע ליגען.

איז צוגעגאַנגען צו זיין ווייב, זיך נאָך אַמאָל אַריבערגעבויגען, זיך דערשראָקען פֿאַר איהר בלאַסען פּנים און צוגעמאַכטע אויגען, פֿון וואַנען עס האָבען געשטראָמט קליינע, דינע פּאַסיקלעך פֿון טרעהרען.

— איך געה רופען אַ דאָקטאָר.

— נעהם עס אַרויס פון דאנען! איך האָב צוטראַטען דאָס קליינע קעצעלע.

דער באַלעבאָס איז צוגעלאָפען, אַ נעהם געטהאָן מיט די שפּיצען פון צוויי פינגער דאָס קאַלטע, קליינע קעצעלע. דערפיהלט, אַז ער האָט אַ פול מויל מיט שפּייעכץ און זיך געמאכט שטארק דאָס הארץ און דאָס קעצעלע אװעקגעטראָגען אין באָד־צימער, אריינגעװאָרפען דאָס קעצעלע אין דעם עמער מיט שמוץ, זיך גוט אויסגעוואשען די הענד מיט זייף און קאַלטע וואסער, זיך אויסגעשווײנקט דאָס מויל און ביים טיש נאָכדעם געזעסען ווי אַ זאטער און ניט געקענט עסען.

די יונגע באַלעבאָסטע האָט איהם געטריבען, אז ער זאָל עסען. ער ארביים דאָך שווער אַ גאנצען טאָג. זיך געריבען איהרע, מיט בלויע רינגען ארומגערינגעלטע, אויגען.

די גרויסע קאַץ האָט דער וויל שטילינקערהייד זיך ארויסגעשארט פון אונטער'ן בעט און געגראבעלט מיט איהרע נעגעל אין דער טהיר פון באָד־צימער.

דער באַלעבאָס איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, ארויסגעטריבען די קאַץ אין קאָרידאָר, אָנגעשרינגען און אַ טאָפּקע געטהאָן מיט אַ פוס.

נאָכדעם האָט די יונגע באַלעבאָסטע דערלאנגט קאָמפּאָט און זיך אוועקגעזעצט שווער אויף איהר בענקעל, ארונטערגעלאָזט איהרע בלאסע דינע הענד און שטיל געזאָגט:

— עס שטעכט עפּעס אין דער זייט.

אָהן אַן עק.

ג.

פון דער מינוט, וואָס עס פעהלט איהם זיין עק, כאָטש ער געדענקט ניט צו ער איז אַליין שולדיג אין דעם, צו האָט עס אַן אַנדערער געטהאָן אַזוי, אַז זיין עק זאָל ביי איהם ווערען אָפּגעריסען — ווי די זאַך זאָל ניט זיין, — איז פון יענער מינוט, האָט ער אָנגעהויבען צו לעבען גאָר אַנדערש ווי פריהער.

דעם באַלעבאָס פון הויז האָט ער פיינט. ער וואַרט נאָר, אַז עס זאָל קומען די שעה ווען זיין גלייכער שכל וועט קרום ווערען, דאַמאָלט וועט ער ניט טראַכטען קיין סך און זיך אַרויפכאַפּען אויף דעם לאַנגען באַלעבאָס און זיין האַלז צוקראַצען מיט די נעגעל.

דערווייל האָט ער איהם נאָר פיינט: ווייל ער בריקעט איהם מיט די פיס פון הינטער'ן טיש אַרויס; טרייבט איהם אַלע מאָל פון הויז, און דערזעהט ער איהם אַמאָל אין דרויסען, הויבט ער אָן צו שרייען אויף איהם און קלאַפּט מיטביידע הענט איינע אין דער אַנדערער, און האַקעט, ווי אויף אַ טכויר.

איז איהם געבליבען נאָר איינע פון די באַלעבאָסטעס, ווייל די נידעריגע און גראָבע איז שוין אין הויז נישטאָ. וואָר ווייסט וואוהין זי איז אַוועק. איז געבליבען די הויכע דינינקע באַלעבאָסטע.

איז ווען ניט זי, ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט איהם אויסגעקומען צו טהאָן אויף דער וועלט, אַזוי לאַנג ווי דער גלייכער שכל איז נאָך ניט קרום געוואָרען.

אין הויז אַריין מוז ער זיך אַריינכאַפּען ווען ער דערשמעקט אַז זי איז דאָרט אַליין. און דעמאָלט מוז ער צוגעהן צו איהר און זי דער־מאָנען און בעטען אַז זי זאָל איהם געבען עפּעס עסען.

און זי זאָל וויסען, אז אויף דעם ביסעל עסען, וואָס זי גיט איהם, שטעהט ניט די גאַנצע וועלט.

עסען בעקומט מען, איז ניט אין הויז, קען מען אריינקריכען אין קעלער אָדער אין די קאַמערען.

נאָר וואָס דען? דאָס וואָס די באַלעבאָסטע בוינט זיך איין און גלעט איהם אין קאָפּ, אָדער פיהרט אריבער איהר האַנט איבער זיין קריזש און זאָגט עפּעס צו איהם, וואָס ער פערשטעהט אז עס מוז זיין זעהר גוטע און ווייכע ווערטער.

אַט וואָס!

איז אָבער שלעכט, אז ווען די דינינקע הויכע באַלעבאָסטע הויבט איהם אָן צו גלעטען מיט איהר האַנט איבער זיין קריזש, דערפיהלט ער ערשט דעמאָלט אז עס פעהלט איהם זיין עק. ווי ביטער עס איז צו לעבען אויף דער וועלט אָהן אַן עק!

נאָר אַזוי ווי עס איז איצט ווינטער, און אַ שווערער ווינטער, עס געהט ניט אַוועק דער טאָג, אז עס זאָל ניט שנייען.

און דער הויכער באַלעבאָס איז כמעט אַלע מאָל אין הויז, קען ער דאָך אין הויז אריין ניט אריינשמעקען. און אז ער קען אין הויז אריין ניט אריינשמעקען, זעהט ער ניט אָן די באַלעבאָסטע אין זיינע אויגען. און אז ער זעהט ניט די באַלעבאָסטע, גלעט זי איהם ניט מיט איהר האַנט איבער זיין קריזש. און אַז זי גלעט איהם ניט איבער זיין קריזש, פערגעסט ער, אז ביי איהם איז אָפּגעריסען דער עק.

אין דרויסען איז ווייס די וועלט.

שוין צו ווייס!

ניין, ווער קען עס ארומגעהן אויף אַ ווייסער וועלט?

ליגט ער טאָג און נאַכט אין קעלער אָדער אין די קאַמערען.

זאָל נאָר גאָט העלפען, אז די וועלט זאָל אייביג זיין ווייס.

אייביג זיין ווייס? דאָס ניט!

אין איין אין דער פריה האָט ער זיך ארומגעקוקט, אז אַלע מייז זיינען שוין אַנטלאָפען פון די קאַמערען און פון קעלער.

**וועלט איין,**
וועלט
אויס

די שנעע פענסטערלעך פון דעם קעלער זיינען שוין צוגענומען געוואָרען.

ער געהט ארויס אין דרויסען.

עה, עה, עס איז שוין אַ גרינע וועלט!

די זון ווארעמט זיין קריזש. מיט זיינע לאַפּקעלאַך טאַפּט ער די ווייכע ווארימע ערד. עס נעהמט איהם אָן אַ מאָדנער ווארימער און ווייכער פערלאַנג, און ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

צי זאָל ער זיך אויסציהען אויף דער ערד און אַזוי ליגען געגען דער זון.

צי זאָל ער אָנהויבען צו לויפען און צו שפּרינגען איבער די גרינע פעלדער און איבער די אָנגעווארעמטע דעכער פון הויז און קאַמערען.

ער האָט געפּרובט צו טאָן ביידע זאַכען.

איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף דער ווייכער ערד געגען דער זון און געפּיהלט ווי עס צוואַקסען זיך אין איהם אלע גליעדער, און ער איז געוואָרען אַזוי גרינג ווי אַ פּעדער.

פערשטעהט זיך, אז ווען מען איז גרינג ווי אַ פּעדער, הויבט מען זיך אויף פון דער ווארימער ערד און מען הויבט אָן צו לויפען איבער די גרינע פעלדער. מען שפּרינגט אריבער פּלייטען. מען דראַפּעט זיך אויף אַ סלופּ און פון סלופּ אויף אַ דאַך. דער דאַך איז ווארים און לינד. און דערנאָכדעם שפּרינגט מען אַראָפּ פון דאַך און מען לויפט ווייטער איבער גרינע פעלדער, ביז מען קומט צו דעם שכן'ס הויז.

נעבען שכן'ס הויז שטעהט נאָך דער אייגענער בוים, וואָס איז ניעדריג און האָט אַ גרויסען קיילעכיגען קאָפּ. זיין קאָפּ איז נאָך אַלץ אויסגעבויגען אויף אַ זייט.

ער, בויז אויף דעם בוים. בעזעצט זיך אויף אַ צווייג און שווייגט און וואַרט.

קומט ארויס די שעהנע קידי־קידי, די גאָלעווייסע קאַץ. זי מאַכט זיך, ווי זי זעהט איהם גאָר ניט אויף אַ צווייג פון בוים. און געהט זיך אַוועק מיט דעם שמאָלען שטעגעלע, וועלכעס ציהט זיך פון טיר צום ברונען.

קעז

3) אָהן

און עק

ער טוט א שפרונג ארונטער פון בוים. לויפט צו גיך מיט איין אָטעם צו קידי־קידי. זיי בלייבען ביידע שטעהן א מינוט פנים צו פנים, מיט פערהויבענע פאָדערשטע איינציגע פיסעלעך.

קידי־קידי טוט אין דער גיך א פיהר מיט איהר אויפגעהויבען פיסעלע איבער די שטעכיגע וואָנצעס פון איהר קליין ווייס מיילכעל, און אנטלויפט צוריק אין הויז אריין.

בלייבט ער אזוי שטעהן אויף דעם שטעגעלע איינער אליין.

זאָל ער אהיים געהן, איז ניט ישעהן.

זאָל ער זיך צוּאוויינען, האָט ער ניט קיין טרעהרען אין זיינע אויגען בעכערס.

איז ער צוריק ארויפגעקראָכען אויף דעם בוים מיט דעם גרויסען אויסגעבויגענעם קאָפּ און זיך אוועקגעזעצט אויף א צווייג און ווייטער געווארט.

ער איז אזוי געוועזען פארטהאָן אין זיין ווארטען אויף קידי־קידי, אז ער האָט ניט בעמערקט אז די זון איז שוין אוועקגעגאנגען פון דער ערד.

עס איז געוואָרען קיהל און פינסטער, און ער איז נאָך געלעגען אויף דער צווייג פון בוים.

פון דעם פרעמדען הויז, וועלכעס איז געשטאנען ניט ווייט פון בוים, האָט זיך א וואָרף געטאָן דורך די פענסטער א שיין פון ליכט.

ער האָט זיך דערשראָקען און זיך ארומגעקוקט.

טא, טא ! — א שווארצע וועלט.

זיין אייגענעם שאָטען זעהט ער ניט.

וועט די שעהנע קידי־קידי איהם אויך ניט זעהן.

זי וועט ארויסקומען.

צי זי וועט ניט ארויסקומען ?

ווי אזוי עס וועט ניט זיין, ער ליגט דאָ אויף דעם צווייג און ווארט.

איהם דאכט זיך אויס, אז אויב ער וועט פערזשמורען זיינע אויגען, וועט זי איהם ניט בעמערקען און ארויסקומען.

און אזוי פערציהענדיג זיינע אויגען ווי אין א לייכטען דרימעל, פליהט עפּיס א ווייסער פינטעלע פערביי דאָס הויז.

וועלט איין,
וועלט
אויס

ער שפּרינגט אַראָפּ פון בוים, לויפט אַרום דאָס הויז, שטרעקט זיך אויס אויף דער ערד און הערט זיך איין אין דער שוואַרצער וועלט.

לויפט ער צו און דראַפּעט זיך אַרויף אויף דעם בוים.

עפּיס אַ ווייסע לאַנגע זאַך האָט אַ בלאַנק געטאָן פאַר זיינע אויגן. ער איז ווייטער אַראָפּ פון בוים און אַרומגערינגלט דאָס פרעמדע הויז. און מיט קליינע קלאַפּנדע קלעפּערלאַך הינטער זיין ברוסט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד נעבן פוס פון בוים.

און איז אַזוי געזעסן ביי דעם פוס פון בוים ביז דער האָהן האָט אַ קרעה געטאָן און עס איז ווייטער ליכטיג געוואָרן.

ער איז געוועזן מיעד און צובראָכן. און אַז די זון האָט אָנגעהויבן צו בעוואַרימען די ערד, האָט איהם אַרומגענומען דער שלאָף.

איינשלאָפען האָט ער זיך ניט געלאָזען. דערפאַר האָט ער זיך אָנגעהויבן צו וואַשען מיט זיין צונג זיינע פיס און זיין בויך, און אָבגעלעקט זיין קריזש.

האָט ער ווייטער דערזעהן, אַז עס פעהלט איהם זיין עק.

„עך, עס איז ניט גוט צו זיין אויף דער וועלט אָהן אַן עק!“

„קידי־קידי אַנטלויפט פון איהם דערפאַר ווייל ער האָט ניט קיין עק.“

אָט אַזוי טראַכטענדיג, איז ער פּאַמעליך אוועק פון בוים און איז אַהיים געגאַנגען מיט דעם וועג, ביים זייט פון גראָבען.

ער איז שוין ניט אַהיים געקומען, נאָר אין דער מיט פון וועג האָט ער דערזעהן אַ לאָך אין דעם שטיינערנעם פליים.

איידער ער איז אַריינגעקראָכען אין דעם לאָך, האָט ער זיך גוט אַרומגעקוקט אין אַלע פיער עקען.

ער האָט געוואוסט אַז דער לאָך אין פליים איז אַ נעסט פון זיינע פיינד, און איז אַריינגעקראָכען שטיל און פּאַמעליך טיעפער און טיעפער, און זיך אוועקגעלעגט אויף דעם קיהלען, פייכטען גרוב, און איז איינגעשלאָפען מיט אַ געבעט:

„זאָלען מיינע פיינד צוברעכען זייערע צייהן און טאָן מיט מיר וואָס זיי ווילען!

## ר. אייזלאנד:

פון האַנס בעטהגע׳ס
„כינעזיעש פלייט“

## נפתלי גראס:

פון פאול ענדערלינג׳ס
„יאַפּאַנעזער געדיכטע“



## ר. אייזלאַנד:

פון האַנס בעטהגע׳ס „כינעזישע פלייט“

### סי־טאַנג־פאָ:

אין דער פרעמד.

די יונגע לייט, זיי האָבען ליעב נאָר בונטע פארביגע געוואַנדען.
ווער ס׳טראָגט נאָר בלויע, ווער עס טראָגט נאָר גרינע,
און אַנדערע פון זיי האָבען ליעב נאָר ראָזע, רויטע.

אזוי בעווייזען אויך די געטער, ווען
זיי וואַכען אויף אין פריהלינג, וואונדערליכע פארבען.
דאָס גרין פון גרעזער, און דעם גלאַנץ פון בליהונג.

דאָך וועה איז דעם וואָס וואָגעלט אין דער פרעמד,
ער מעג זיין אַלט, ער מעג זיין יונג, ער גערט
כסדר נאָר אין שווארצען טרויעריגען קלייד.

### טהו־פו:

דאס ליעד פון דער פלייט אין הערבסט

דו אָרעם פערוואָגעלטער מענש, ווייט אוועק פון פאָטערלאַנד,
און מיעד און אָהן פריינד, פערבענקסטו דיך אומזיסט
נאָך דיין דיר היימיש קלינגענדיגער מוטער־שפּראַך.

יא, אמת, ס׳בליהט דער זומער דאָ אזוי פערשוואונדעריש,
אז דו קענסט מיינען ביזט נאָך רייך, און אויך די פייגעל
זיי זינגען אזוי נאָהענט דיר ווי אין דער היים.

נאָר וועה! ווען ס׳וועט דערגרייכען צו דיין אויער
דאָס פלייטען־ליעד פון הערבסט: דאָס גרילצען פון דער גריל, —
און ווען דער שטורעמווינד וועט ציהען אין די וואָלקענס,

וועלם איין,
וועלם
אוים

דאַן וועסטו דיין געזיכט דיר איינגראָבען
איןביידע הענד. דיין אויג וועט איבערגיסען
און דיין נשמה וועט זיך נויגען צו דער היים.

פול מיט צער צו דעם ליעבען פאַטערלאַנד...

דער פערטריבענער

כ׳בין אָפט געשטאַנען גאַנץ אליין אין טורעם פון דער פעסטונג,
דאָרט אויף דעם הויכען בארג. דאָרט נאָהענט צו די וואָלקענס,
בין איך געשטאַנען און געזעהן ווי ס׳געהט די רויטע זון.

און ווען עס האָבען זיך בעוויזען שטערען
האָב איך אין זיי געזוכט דעם וועג אהין,
וואו ס׳ליגט די שעהנע, ווייטע, בונטע הויפּט־שטאָדט.

אמאָל בין איך געוועזן דער ליעבלינג פון די געטער.
מיין וואוינונג האָט געשטראַהלט אין שעהנקייט און אין גלאַנץ.
וואו כ׳בין געגאַנגען איז מיט ווייהרויך פול געוועזן די לופט.

אמאָל, אמאָל פלעג איך אויף זיידען קישענס שלאָפען.
איצט שטעה איך שלאָפלאָז הינטער פעסטונגס גראַטעס,
דער פייף פון וועכטער לעבערט מיר דאָס אויער.

איך שטעה און קוק און קוק אַלץ אויף די קוסטען,
וואָס ליעגען אין לבנה־שיין דאָרט אויף דער פעלזענוואַנד.
און מיין גאַנץ לעבען זעה איך ווי אין חלום.

טיעף אונטען בלייכען זיך אין האַלבען ליכט
די אינזלען אין דער נאַכט אריין.
ארום די אינזלען בליהט א ווייסער טראַסטניק.

ס׳איז הערבסט. אוי, מיין נשמה!...

פון
בינעזער
דיכטער

## דער קייזער

אויף זיין טראָן פון נייעם גאָלד,
זיצט דער זוהן פון הימעל,
פינקעלדיג פון פיעלע ציערונג.
די מאַנדאַרינען שטעהען ארום איהם.

ער גלאַנצט, ווי ס׳גלאַנצט א זון צווישען שטערן.
די מאַנדאַרינען רעדען וועגען עפּיס ערענסט.
מיט ערענסטע געזיכטער און אויפגעהויב׳נע הענד.

נאָר דורך דעם פענסטער לויפט ארויס
גאָר פּלוצים דער געדאַנק פון קייזער,
אהין, צום פּאַוויליאָן פון פּאַרצעלאַן,
וואו ס׳רוהט די האָלדע קייזערין.

און ווי א שעהנע קוויט, וואָס שטעהט צועפענט
אין מיטען פון א גרינעם גאָרטען, רוהט זי וואַרטענדיג... .
און ארום איהר שטעהען די יונגע דאַמען פון׳ם הויף.

צו לאַנג, צו לאַנג פערווייל׳ט זיך איהר געליעבטער
מיט זיינע ראַטגעבער, די מאַנדאַרינען.
און פול מיט אונגעדולד און בענקעניש
בעוועגט זי מיט איהר פאָכער אין דער לופט.

אָן קייזער׳ס פּנים שלאָגט זיך פּלוצים אָן
א הויך פון זיסען וואויל גערוך. ווי ס׳וואָלט
א ווייכער פליגעל איהם א פּאַטש געטאָן.

און פול מיט אומרוהע פיהלט ער איצט נאָר איינס:
מיין ווייב, מיין שעהנע ווייב, זי שיקט מיר מיט איהר פאָכער
דעם דופט פון איהרע ליפּען, וואָס כ׳האָב ליעב...
און פינקעלדיג פון ציערונג, שטעהט ער פּלוצים אויף,

און לאָזט מיט גלייכע טריט זיך געהן אַהין,
צום פּאַוויליאָן פון פּאָרצעלאַן....
די מאַנדארינען בלייבן שטעהן פערוואונדערט,

און קוקען איינער אויף דעם צווייטען ווי פערבליפטע....

## טשאַנג־טסי:

דאָס טרייע ווייב

האַר, איהר ווייסט איך האָב אַ מאַן, און דאָך
האָט איהר געוואָגט צו שיקען אין געהיים
צוויי וואונדערפולע פּעריל מיר אַלס אַ געשאַנק.

האַר, איהר האָט צוטומעלט מיך, עס קלאַפּט מיין האַרץ.
איך בין זיך מודה, אַז די פּעריל אייערע
האָב איך אַ גליקליכע געהאַלטען אין מיין זיידען מאַנטעל.

די שימערענדע הייזער פון די קרובים מיינע,
זיי שטעהען שטאָלץ און טראַציג, מיט אונבעפלעקטער עהרע,
נעבען די גערטנער, וואו דער קייזער וואוינט.

מיין עדלער מאַן, ער טראָגט די שפּיז, די גאָלדענע,
פון גרויסען קריגער. האַר, איך צווייפעל ניט,
אַז ס׳איז אייער ליעבע ריין, ווי די לבנה.

איך צווייפעל ניט, אַז אייער זעעלע בלוטיגט
פון גרויסער בענקעניש, וואָס ס׳פילט אייער האַרץ צו מיר.
געהט אייך, האַר! און לאָזט מיך דאָ אליין. פערווירט מיך ניט.

מיין מאַן, איהם בלייב איך טריי, ווייל איהם
האָב איך געשוואָרען, מיט איהם צו לעבען און צו שטאַרבען.
אָט זיינען דאָ די פּעריל אייערע צוריק.

פון
בינעזער
דיבטער

טאַ נעהמט זיי. איהר זעהט ווי מיינע טרעהרען
זיי רינען אויף די ליעבע פעריל. אוי, וועה איז מיר!
אוי, וועה איז מיר! צו וואָס האָט איך מיין אויג געזעהן?

נו, זייט געזונד!

פון דעם „שי־קינג“:
דעם מיידעל׳ס קלאָג

פריינד, איך בעט דיך, גיב דיין וואָרט מיר,
ווערסט אין אונזער דאָרף ניט קומען.
ווערסט ניט קריכען אויף דער ווערבע,
וואָס עס האָט מיין האַנד געפלאַנצט.
כ׳קען דאָך דיר מיין הארץ ניט שענקען,
כ׳מוז דאָך טאטע־מאמע פאָלגען.
דו, מיין ליעבער, ביזט מיר טהייער,
נאָר וואָס טאטע־מאמע זאָגען
מוז איך דאָך געהאָרכען.

פריינד, איך בעט דיך, גיב דיין וואָרט מיר.
ווערסט אויף אונזער פלויט ניט קריכען,
פון מיין בוים די יונגע בלעטער
וועט דיין האַנד שוין מעהר ניט רייסען.
כ׳קען דאָך דיר מיין הארץ ניט שענקען,
כ׳מוז מיין עלטערען ברודער האָרכען.
אונטערטהעניג מוז איך פאָלגען
אַלצדינג, וואָס זיי מיר בעפעהלען.

פריינד, איך בעט דיך, גיב דיין וואָרט מיר,
ווערסט מיין סאַנדאַלבוים ניט רייסען.
כ׳קען דאָך דיר מיין הארץ ניט שענקען.

וועלט איין,
וועלט
אויס

וועה איז מיר און ווינד מיין הארצען.
מענשען האָבען בייזע צונגען;
דו, מיין ליעבער, ביזט מיר טהייער.
אָבער פאר די בייזע צונגען
שרעק איך זיך ווי פאר'ן טויט.

פריינד, איך בעט דיך, גיב דיין וואָרט מיר,
אז דו וועסט אָן מיר פערגעסען,
אָן מיר, אונגליקליכע, פערגעסען.

ליטאַיפאָ:
די קייזערין

די טרעפ פון יאדע ציהען זיך ארויף בענעצט מיט טוי
אין וועלכען ס'שפיגעלט זיך אָפ די לבנה.
אויף אלע שטיינען ליגט דער ליעבער גלאַנץ.

די קייזערין אין לאנגען שלעפ, בעוועגט
זיך לאנגזאם אויף די שטיינען. דער פינקעלדיגער טוי
בענעצט דעם עדלען זוים פון איהר לאנגען קלייד.

זי געהט ארויף צום פאוויליאָן, וואו עס וועבט זיך
דאָס ליכט פון דער לבנה. א פערבלענדטע בלייבט זי שטעהן,
איהר האנד רוקט לאנגזאם אָפ דעם פערעל־פאָרהאנג.

און זיי, די ליעבליכע קריסטאַלען, זינגען
לייכט רוישענדיג, ווי ס'רוישט א וואסערפאל,
וואָס שיינט און גלימערט אינ'ם זונען ליכט.

די קייזערין, זי האָרכט זיך איין אין דעם גערויש
און קוקט אָן אומעטיגע לאנג אויף דער לבנה,
וואָס גלימערט אזוי העריליך אין די פעריל.

זי קוקט און קוקט אָן אומעטיגע לאנג אין דער לבנה.

פון
בינעזער
דיכטער

## די דריי חברים

אין בליהענדיגען גריגס בין איך שטיל ביים וויין געזעסען.
און אויף א חבר אויסגעקוקט די אויגען, —
איז קיינער ניט פאראנען וואס וויל מיט מיר טרינקען ?
איז אנגעקומען די לבנה, און געגריסט מיך ווי א פריינד.
און נאך א דריטער איז דאן אויפגעשוואומען:
דאס איז געווען מיין שאטען!
מיין שאטען, די לבנה! צוויי שטילע פריינד —
און טרינקען ניט קיין טראפען!
מיין שאטען ריהרט זיך פונקט אזוי ווי איך,
און בלאס איז די לבנה, — חברים, זייט געגריסט!
נו, קומט און לאמיר זויפען ביז עס קומט דער פריהלינג!
איך זינג! — און די לבנה הערט לאכענדיג זיך צו.
איך טאנץ! — און ס'טאנצט מיין שאטען מיט מיר מיט.
ווי וואויל ס'איז אונז, חברים!
אוי, בלייבט נאר טריי צו מיר. כאטש נאך אזוי לאנג,
ווי ס'פלאנטערט זיך נאך ניט מיין צונג;
און ווערט מיין קאפ בערוישט, דאן געהט
געזונטערהייט חברים! א, דאן געהט!
דאך אבער ניט אויף לאנג...
יא, מארגען אבענד טרעפען מיר זיך ווידער
אט א דא ביים וויין — מיר ועלען דאך, חברים! ?

## דאס טרינק ליעד

דער וויין, ער ווינקט שוין אין די גאלדענע באקאלען. —
דאך טרינקט נאך ניט! צוערשט וועל איך א ליעד אייך זינגען!
דאס ליעד פון קומער זאל אייך אין דער זעעלע לאכענדיג

וועלם איין,
וועלם
אוים

אויפקלינגגען! ווען ס'דערנעהנטערט זיך דער קומער,
דאַן שטאַרבט די פרייד, דאַן שטאַרבט אָפּ דאָס געזאַנג,
די קאַמערען פון מיין נשמה ליגען וויסט.
פינסטער איז דאָס לעבען, פינסטער איז דער טויט.

מיט גאָלד'נעם וויין איז פול דיין קעלער, האַר
פון אָט דעם הויז. — איך פערמאָג מיר עפּעס אַנדערש.
אָט זעהט די לאַנגע ליוט, אָט דאָס נאָר היף איך מיין!
צו טרינקען וויין און שפּיעלען אויף דער ליוט.
דאָס זיינען זאַכען צוויי, וואָס פּאַסען זיך צוזאַמען!
א פולער בעכער וויין געטרונקען אין דער רעכטער צייט
איז ווערט פיעל מעהר ווי אלע אוצרות פון דער וועלט.
פינסטער איז דאָס לעבען, פינסטער איז דער טויט.

דער הימעל ער בלאָהט אייביג, און די ערד
וועט לאַנג נאָך שטעהן אויף איהרע אַלטע פיס.
אָבער דו, דו מענש, ווי לאַנג וועסטו דען לעבען?
אפילו ניט קיין הונדערט יאָהר קענסטו זיך פרעהען
מיט אָט די אלע נישטיגקייטען פון דער ערד.
מיט איין זאַך וועסטו בלייבען זיכער, —
דאָס איז דער קבר, וואָס וואַרט אויף דיר צום סוף.
פינסטער איז דאָס לעבען, פינסטער איז דער טויט.

קוקט זיך איין דאָרט אונטען! אויף די קברים אין לבנה־שיין,
דאָרט זיצט א ווילד געשפּענסטישע געשטאַלט.
דאָס איז אַן אַף! איהר הערט ווי ס'שרייט ארויס
זיין היילענדיגעם קול אין זיסען דופט פון אָווענד?
איצט נעהמט דעם וויין! איצט איז די צייט, חברים.
איצט לעדיגט אויס די גאָלדענע באָקאַלען ביז צום גרונד.
פינסטער איז דאָס לעבען, פינסטער איז דער טויט.

## נפתלי גראָס:

פון פּאול ענדערלינג׳ס „יאַפּאַנעזער געדיכטע“

### מיטזונע:

אהיים.

צוימט די פערד
און שטייגט אַרויף:
אהיים, אהיים
אונז פיהרט דער וועג!
אהיים, אהיים,
וואו שטיל און זאַכט
די ווינטלעך וועה׳ן,
און וואו דער פריהלינג האָט ערוואַכט...

זומער ריח.

...די נאַכט איז טונקעל.
טריב און טריבער
שימערען די שטערען, וואָס האָבען העל אַמאָל געגליהט.
עס לעבט אַ זיסער ריח נאָר
און וועהט פאַרביי:
דער ריח פון דעם פלוימען־צוויט...

### סאָזיי:

דער בליטען־דרויבער.

אַ זאָגט מיר, וואו דער ווינד, דער בייזער וואוינט,
וואָס האָט דעם צוויט געריסען פון די צווייגען.

אַ זאָגט מיר, וואו דער ווינד, דער בייזער וואוינט,
כ׳זאָל מעהר מיין קאָפּ פון וועה ניט דאַרפען בויגען.

אַ זאָגט מיר, וואו דער ווינד, דער בייזער וואוינט, —
איך וועל מיין כעס און וועה איהם ניט פאַרשווייגען...

טאָמאַנאַרי:
דאָס פערבליבענע פון בײמען זיך —

ס'האָט דער קאַרשענבוים געבליהט. ס'איז שוואַרץ געווען מיין קאָפּ.
כ'האָב געטאַנצט אינמיטען פון א מיידעל־ראָד...

ס'האָט דער קאַרשענבוים געבליהט. ס'איז גרוי געווען מיין קאָפּ.
די בליטען זיינען יונג און פריש ווי דאַן געווען.

און אויף א פרעהליך־לאַכיגען בעפעהל פון גאָט
בליהט ער איצטער ווידער. ס'איז ווייס מיין קאָפּ.

אָהאָטזונאָ אָזי:
ביים הייליגען ים:

בליטען שנייען...
א נעבעל־שלייער
פערהילט דעם ים.
די ווילדע גענז שרייען
ביים הייליגען פיש־טייך
פון איוואַרע.

עס טאַנצען אין רייהען
די טונקעלע טרוימען;
מיין האַרץ איז שווער:
ווען איבער א יאָהר
וועלען די ווילדע גענז שרייען,
הער איך ניט מעהר...

נאָך דער יאָגד.

דער אָוועגד קומט. איצט איז די יאָגד פאַרביי.
דערלאַנגט די קרוגען, גיסט דעם סאַקעה אָן!

וואָס ס'איז פון ליידען נאָך פערבליבען, פריינד,
פער'שכור'ט איצטער ביים געזאַנג און וויין!...
לבנה־שיין פערשפרייט זיך אויפ'ן טאָל,
און דורך די וואָלקען פלאַמט אויף נאָכאַמאָל
די וואונדער־זונען־רויטקייט אויף די בערג.
און נאָך אַן אויגענבליק צערונען ווערט
אין וואונדער־גרוי דער לעצטער גאָלד'נער שטראַהל...
ס'איז איצט די צייט מיר זאָלען פרעהליך זיין...

טסוראַיוקי:
ווי די בליטען.

ערשט נעכטען בונט, און היינט טויט־מידע פאַלען שוין
פערוויאַנעטע די בליטען־שירעמלעך אַראָפּ.
איך קוק. און עפּעס רעדט אַזוי דאָס צו מיין זין:
איך בין פערגענגליך — ווי די בליטען אויפ'ן בוים.

קאַרשען־בליטען.

היינט בליהט צום ערשטען מאָל מיין קאַרשענבוים.
דאָ האָב איך צו דער וויסער בליטענפּראַכט געזאָגט:
„אייך קושט דער ערשטער פריהלינגס־זונען שטראַהל:
קוקט אייך ארום: ווי ס'בליהען איי'רע שוועסטערלעך.

בליהט שעהן ווי זיי, אַז יעדעס מענשען אויג
מיט גליקליכער צופרידענהייט זאָל רוה'ן אויף אייך.
און ווילט איהר מעהר פון איי'רע שוועסטער נאָך,
דאַן — וועלקט ניט, ווי דאָס טהוען זיי..."

וועלט איין,
וועלט
אוים

## אידזומי שיקידו:

ווייט פון דיר.

ווי לאַנג איז געוועזן די נאַכט,
וואָס בענקענדיג האָב איך פערבראַכט:
כ'האָב שטענדיג פון דיר נאָר געטראַכט,
ביים פויגעל־געזאַנג,
ביים ברונימער־קלאַנג...
אַ ליעבסטער, ווי לאַנג איז געוועזן די נאַכט...

קום איינמאָל נאָך.

קום איינמאָל נאָך, געליבטער!
עס שטעהט ביים בעט דער טויט,
און בלייכט ווי שניי מיין פּנים,
וואָס איז געוועזן רויט.

קום איינמאָל נאָך, געליעבטער!
דאַן שטאַרבט זיך אַזוי מילד:
אַ ליעב וואָרט אויף די ליפּען,
אין זין — דיין ליעבעס בילד...

## נ ו ק אַ ד אַ:

בלויע שטונדע.

זעהסטו, ווי עס געהט אויף מאַט און בלאַס
די לבנה ביי דעם זוים פון באַרג?
ווען זי וועט דעם שפּיץ דערגרייכען,
ברענגט זי מיט די נאַכט,
ברענגט זי מיט די נאַכט און דעם ליבעסטרוים...

**איזהיקאַוואַ:**

די לבנה.

דורך די וואָלקען קוקט זי דורך.
און איהר כשופ'דיגער שימערען
פלעכט אויס נעצען זילבער־פאַרביג,
איבער ים און איבער לאַנד,
איבער טויזענד קערענדלעך אין זאַמד
וואָס שימערען ווי דימענטלעך...

## נייע ליעדער

**סאַקינאַ:**

גלעקער.

מען האָט פון די גלעקער קאַנאָנען געמאכט!
איצט קלינגט ניט מעהר ביים ערשטען שטערען־שיין
דאָס הויכע אָוועגד־ליעד אין לאַנד אַריין. —
די בערג און טאָלען זיינען איצטער שטום.

און בלומען, די וואָס וואַקסען אויף די בערג
פערגעסען, וואַרטענדיג אויפ'ן אָוועגד־ליעד
דאָס וויאַנען גאָר...
ארום, די באַרג־קייט בליהט,
זייט מ'האָט פון די גלעקער קאַנאָנען געמאַכט...

**האָמיי איוואַנאַ:**

אַ ליעד פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה

„סאַרדזשענט סודזשינאָ, וואו ביסטו?
די שיף איז גרייט שוין אָבצוגעהן פון ברעג". —

וועלט איין
וועלט
אויס

האָט אויסגערופען הויך דער קאַפּיטאַן פון שיף.
דאָך האָט קיין ענטפער זיך פון ערגיץ ניט געהערט.
„וואו ביזטו, סאַרדזשענט סודזשינאַ?
ס'איז אַלץ שוין גרייט, טאָ לאָמיר געהן". —
געלעכערט פון דעם שונאָ'ס ריזיגער קאַנאָן,
פּאַוואָליע זינקט די שיף פון דער אויפגעהענדיגער זון.
„סאַרדזשענט סודזשינאָ, וואו ביזטו?"
איז רופענדיג צום דריטען מאָל דער קאַפּיטאַן אַרומגעגאַנגען
מיט אָנגעשטרענגטע בליקען
פון ברעג צו ברעג און ביז'ן אָבגרונד פון דער שיף,
דאָך איבעראַל איז נאָר געווען אַ בלעזעלדיגער שוים.
און טרעטענדיג אין שוים, וואָס האָט פאַרדעקט דעם דעק,
איז טיף און טיעפער אַלץ די שיף אַראָבגעזונקען.
„אָ פריינד, ביזטו געפאַלען פאַר מיקאַדאָ'ס קעניגרייך?"
האָט ער גערופען אַלץ...
מיט טרויער אין זיין הארצען האָט דער קאַפּיטאַן הירּאָזע
פערלאָזען קוים די שיף קאַביונע,
ווען ס'האָט אַ קויל געטראָפען איהם,
וואָס איז געקומען ווי אַ פייל פון בויגען
און איז פון גלעזערנע פארשלונגען באַלד געוואָרען...



## דוד איגנאַטאָוו :

וואָו־וואָ־הו
דער שטורם־שפּיעלער

## ר. אייזלאנד :

בעטלער

## נפתלי גראָס :

צוויי ליעדער



וואָו־וואָ־הו
דער
שטורם שפּיעלער

דוד איגנאַטאָוו:

וואָו־וואָ־הו דער שטורם־שפּיעלער

דאָס איז די מעשה וועגן קי־קו־קי — דעם פויגעל, וועגן דער טענצערין — דזין־דזין, וועגן דעם ליכטיגען פּעטער שנייער, וועגן דעם ווילדען וואָו־וואָ־הו, וועגן דעם שטאַרקען קריק־קריק פּראָסט, וועגן דעם יענער — פּיף־פּאַף־פּאַף און וועגן דעם בעטלער אָך־האָך־אָך.

— ווער איז קי־קו־קי?

— דאָס איז דער פויגעל פון דעם רייכען וואַ־לאַ־לאַ — דעם זומער.

אַמאָל, ווען דער רייכער וואַ־לאַ־לאַ — דער זומער — האָט זיך דעם ערשטען מאָל דערפיהלט מיעד, האָט ער זיך פערקליבען אויף די בערג. פון דאָרטען האָט ער געוואָרפען זיינע לעצטע בליקען צו דער ערד און האָט זיך זענענדיג אָנגערופען:

— ערד! איך מוז געהן. איך בין מיעד. עס וואַרט אויף מיר אַ בעט פון גאָלדענע און רויטע בלעטער. איך לאָז דיר איבער מיין זון — מיין גאָלדענעם פויגעל — קי־קו־קי. ער וועט דיר אויך אויף ווייטער ברענגען פאַר יעדען טאָג אַ נייעם מאָרגען, און יעדען אָוונד וועט זיך אויך אויף ווייטער זיין גרויסער, גאָלדענער עק אָנטשעפּען אָן דיר און וועט דיך מיטשלעפּען אין דער וועלט פון נאַכט, אין דער וועלט פון רוה און פריעדען.

— ווער איז די טענצערין — דזין־דזין?

— זי איז איין־און־איינציגע טאָכטער פון דעם ליכטיגען פּעטער שנייער.

— ווער איז דער פּעטער שנייער?

— ער איז דער שפּרייטער פון די ווייסע ווינטער־נעצען. ער איז אַ ליכטיגער, ער איז אַ שטילער און אַ גוטער.

— ווער איז דער ווילדער וואָ־וואַ־הו?

— ער איז דער שטורעם־שפּיעלער. ער איז אַ לאַנגער און אַ דינער. ער האָט אַ פּיעדעל און אַ סמיק. שפּיעלט ער — נעהמען ווינטען בלאָזען, נעהמען בוימער רעדען. און ווערט ערגעץ ביי טאַטע־מאַמע פערשוואונדען זייער טאָכטער, איז דאָס די ארבייט פון וואָ־וואַ־הו. דאָס האָט ער זיך ווי אַ שווארצער ציגיינער פער׳גנב׳עט אונטער דער מיידעל׳ס פענסטער מיט זיין פּיעדעל און זיין סמיק, און ווי נאָר די מיידעל האָט דערהערט זיין שפּיעלען, האָט זי שוין געמוזט פערלאָזען איהר היים און זיך לאָזען פיהרען פון איהם אין איינעם פון זיינע דרייצעהן וועלדער. און ברענגט וואָ־וואַ־הו אַ נייע מיידעל אין איינעם פון זיינע דרייצעהן וועלדער, ווערט אַ שטורעם. עס שרייען אויף אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט אין די וועלדער. זיי לויפען זיך צונויף פון אַלע עקען און פון אַלע טיעפעניישען, און ער ווערט ווילד פון פרייד און שפּיעלט אויף אזוי, אז זיי נעהמען אַלע טאַנצען און שפּרינגען איבער בוימער און איבער צווייגען, און זיי שטעלען זיך פון מאָל צו מאָל ארום דער מיידעל און זינגען צו איהר:

שענע מיידעל, הער זיך צו —
וואָ־וואַ־הו!
טאַטע מאַמע לאָז צו רוה,
וואָ־וואַ־הו!
ווערסט אַ שוועסטער, ווערסט אַ קינד,
וואָ־וואַ־הו!
פון דעם גרויסען שטורעם ווינד —
וואָ־וואַ־הו!

און אזוי ביז זיי ציהען פון איהר אַראָפּ טאַטע־מאַמע׳ס קליידער, ביז זיי ווארפען אויף איהר אַרויף אַ פער׳כשופ׳טע העמד, וואָס טראָגט מיט זיך ווינט און שטורעם, נאָכדעם נעהמען זיי זי אריין צווישען זיך און טאַנצען מיט איהר אזוי לאַנג ביז זי פערגעסט פון וואנען זי קומט און וואו זי איז געבוירען, ביז זי ווערט שוין אַ ווינד־מיידעל אויף אייביג.

יאָ, אַט אזוי טהוט וואָ־וואַ־הו מיט שעהנע מיידלעך, ווייל ער האָט

זיי ליעב, ווייל ער האָט ליעב, אז זיי זאָלען איהם העלפען טרייבען ווינטען אויף דער וועלט, אז זיי זאָלען איהם העלפען צינדען פייערען אין די נעכט.

מעהר אָבער פון אַלע שעהנע מיידלעך פון דער גאָרער וועלט האָט וואָ־וואַ־הו ליעב דעם פעטער שנייער'ס ציטערדינגע טאָכטער, די איין־און־איינציגע טענצערין — דזין־דזין. נאַכט אויף נאַכט פלעגט וואָ־וואַ־הו קומען און שפּיעלען פאַר איהר. דזין־דזין וואָלט מיט איהם געגאַנגען וואוהין נאָר זיין הארץ וואָלט געגלוסט, נאָר וואָ־וואַ־הו האָט געוואוסט, אז דאָס וואָלט זעהר וועה געטהאָן דעם ליכטיגען פעטער שנייער, אז דער גוטער פעטער שנייער וואָלט נאָכדעם געבליבען איינער אליין אויף דער וועלט, פלעגט ער דערפאַר אוועקגעהן פון דעם הייזעל אָהן דער שעהנער דזין־דזין, וואָס ער האָט ליעב געהאַט מיט אַלע ביינער פון זיין לייב.

— ווער איז קריק־קריק־פּראָסט?

— ער איז דער הערשער פון דעם ווינטער.

עס איז געווען ווען דער ליכטיגער פעטער שנייער האָט צום ערשטען מאָל איבערגעדעקט די גרויסע גרויע וועלט און די צושטערטע גיטער פון דעם רייכען וואַ־לאַ־לאַ מיט זיינע ווייסע נעצען, האָט ער אויף די וועגען דערזעהן אַ קליין הילפלאָז קינד. דאָס איז געווען קריק־קריק־פּראָסט. דער גוטער פעטער שנייער האָט דאָס קינד אָנגענומען ביים הענטעל און געפרעגט:

— ווער ביזטו, קינד?

קריק־קריק־פּראָסט האָט נאָך אָבער ריידען ניט געקענט. האָט איהם דער פעטער שנייער גענומען אויף זיינע הענט און געבראַכט צו זיך אין הויז. דאָרט האָט ער איהם געגעבען ברויט און זאַלץ און פּאָטער־ליעבע, איז ער פון דעם געוואַקסען, ביז ער איז גרויס און שטארק געוואָרען, ביז זיין אָטהעם האָט גענומען אָפּשטעלען טייכען, בעהערשען דערפער און פעלדער און שטעדט, ביז ער האָט פאַר זיך פערנומען אַלע וועלדער און אַלע ווינד־מיידלעך פון דעם שטורעם־שפּיעלער וואָ־וואַ־הו, ביז ער האָט

גענומען טראַכטען ווי אָוועקצונעהמען ביי דעם גוטען פעטער שנייער זיין איינציגע טאָכטער דזין־דזין...

ווער איז פיף־פאַף־פאַף?

ער איז דער יעגער מיט'ן גרויסען ביקס איבער די אַקסעל און מיט דעם שטאַרקען פלינקען פערד. זיין פערד איז גרויס און לאַנג און איז אויבען ווייס ווי שניי און אונטען שוואַרץ ווי נאַכט. בייטאָג האָט יעגער פיף־פאַף־פאַף זיך ליעב צו יאָגען מיט זיין פערד און מיט זיין ביקס נאָך די בערען אין די וועלדער, און ביינאַכט האָט ער ליעב צו היטען די ווינד־מיידלעך, ווי זיי טראָגען זיך אַרום אין דער לופטען, ווי זיי קלייבען צונויף שטיקער האָלץ און צינדען זיי אָן מיט דעם שיין פון זייערע בלויע אויגען. מעהר אָבער פון אַלע אַנדערע מיידלעך האָט ער ליעב צו היטען די טענצערין דזין־דזין...

יאָ, ניט נאָר וואָו־וואָ־הו, ניט נאָר קריק־קריק פראָסט, נאָר אויך יעגער פיף־פאַף־פאַף האָט זעהר ליעב דעם פעטער שנייער'ס טאָכטער, די מיידעל דזין־דזין. אפילו די האָר פון זיין קאָפּ, אפילו די נעגעל פון זיינע פיס האָבען ליעב די שטיפערין דזין־דזין. דזין־דזין אָבער האָט נאָר ליעב דעם שטורעם־שפּיעלער וואָו־וואָ־הו. פלעגט דערפאַר אָפט יעגער פיף־פאַף־פאַף פאַר כעס אַוועקשליידערען זיין גרויסען ביקס און אַוועקטרייבען זיין פלינקען פערד און פלעגט זיך נעהמען שלאָגען מיט זיין קאָפּ אָן די ביימער פון די וועלדער, און פלעגט פאַר כעס טראַכטען, אַז ער וועט זי גאָר איננאַנצען איבערגעבען אין די הענד פון דעם בייזען קריק־קריק פראָסט.

און איינמאָל, ווען די שעהנע דזין־דזין האָט איהם אַלץ ניט געוואָלט ליעב האָבען, און זי האָט זיך נאָך אויסגעלאַכט פון איהם און פון זיינע גרינע אויגען, איז ער גלייך אַוועק צו קריק־קריק פראָסט און האָט איהם געזאָגט:

— איך ווייס ווי אַזוי דו קאָנסט אַריינקריגען די קליינע דזין־דזין אין דיינע וועלדער.

— ווי אַזוי? — האָט געפרעגט דער שטאַרקער קריק־קריק פראָסט און האָט זיך אויפגעהויבען...

ביי יעגער פּיף־פּאַף־פּאַף האָבען זיך אָנגעצונדען זיינע גרינע אויגען און ער האָט געזאָגט:

דו גיב אַוועק דעם ציגיינער וואָ־וואַ־הו עטליכע פון די וועלדער, וואָס דו האָסט ביי איהם פערנומען. זי האָט איהם ליעב און ער וועט זי ברענגען צו דיר, ווייל ער דאַרף די וועלדער, ווייל ער האָט ניט וואוהין צו פערפיהרען די מיידלעך, וואָס ער פערנאַרט.

קריק־קריק פראָסט האָט ליעב געהאַט יעדען בוים פון די וועלדער. און וויפיעל ער האָט געהאַט, איז איהם אַלץ קאַרג געווען. פאַר דער קליינער דזין־דזין אָבער האָט ער אָפּגעצעהלט שטאַרקע דרייצעהן וועלדער, ווייל קריק־קריק פראָסט האָט געוואוסט, אַז אַליין וועט ער די שעהנע דזין־דזין קיינמאָל ניט קענען אוועקנעהמען פון איהר טאַטען, דעם פּעטער שנייער, ווייל דער פּעטער שנייער האָט איהם אַליין אויף זיינע הענט געטראָגען, ווייל דער פּעטער שנייער האָט איהם געגעבען ברויט און זאַלץ און פאָטער־ליעבע...

און ווען וואָ־וואַ־הו האָט פאַר זיך דערזעהן דרייצעהן שטאַרקע וועלדער, האָט ער ניט אויסגעהאַלטען. ער איז אַוועק און האָט זיך בעהאַלטען אונטער אַ בוים ניט ווייט פון דעם פּעטער שנייער׳ס הייזעל און האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּיעלט, אַז דער דאַך איז אַרונטערגעריסען געוואָרען, אַז די פענסטער זיינען אַרויסגעפאַלען, ביז דזין־דזין האָט פערלאָזען דעם טאַטען און זיין הויז, ביז זי איז איבערגעגעבען געוואָרען צו קריק־קריק פראָסט, ביז מען האָט איהם אָפּגעצעהלט די דרייצעהן וועלדער.

און דעם פּעטער שנייער׳ס הייזעל איז פון דעמאָלט אָן פערבליבען אָהן פענסטער און אָהן אַ דאַך. און אַ שטילער, אַ ליכטיגער און אַ פערטראַכטער זיצט ער דאָרט איינער אַליין און שפּינט די ווייסע שניי־נעצען דורך טאָג און נאַכט און לאָזט זיי אויפ׳ן ווינד, ווען עס קומט די צייט.

און ווען עס בעפאַלט וואָ־וואַ־הו׳ן אַ בענקען נאָך דער קליינער דזין־דזין, וואָס מען האָט ביי איהם אויסגענאַרט, גנב׳עט ער זיך אַריין אין קריק־קריק׳ס וועלדער מיט זיין פידעל און זיין סמיק. און ווען קריק־

קריק פראָסט ווערט פון דעם אַזוי אויפגערייצט, אַז ער איז גרייט אומ־צוברענגען די וועלט אין זיין כעס, דעמאָלט פּערלאָזט דער ליכטיגער פּעטער שנייער זיין צוברעכן הייזעל. אַ שטילער, אַ בלאַסער און אַ לויטערער געהט ער אַרויס אויף דער וועלט. זיינע גרויסע און ליכטיגע אויגען קוקען אַזוי, אַז יעדער בייזער און שולדיגער, וואָס בעגעגענט זיך מיט זיי, לאָזט אַפּ הענט און פיס... מעג דאָס זיין אַ הונט, וואָס האָט ניט קיין היים און האָט ניט קיין חבר, אַן אומגליקליכער הונט, וואָס זעצט זיך צו אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט ערגעץ אין עק פון אַ דאָרף און נעהמט זיך פּאַנאַנדערבילען זיין שווערען וועה אין דער קאַלטער נאַכט. מעג דאָס זיין אַ הונגעריגער וואָלף, ווען די שאַרפע קעלט נעהמט טרייסלען די דאַרע ביינער, און ער לויפט מיט ווילד אָנגעצונדענע אויגען פון זיין וואַלד אַרויס. מעג דאָס זיין אפילו דער שטאַרקער קריק־קריק פראָסט, ווען ער וויל אין זיין בייזען כעס אומברענגען די וועלט. — בעווייזט זיך נאָר אויפ'ן ברעג פון דער ערד די שטילע געשטאַלט פון דעם ליכטיגען פּעטער שנייער, מיט די ווייסע נעצען, מיט די גרויסע און ליכטיגע אויגען, וואָס האָבען איצט אויף דער וועלט גאָרניט, פאַלט אַפּ זייער כעס און זייער בייזער. און בעגעגענען זיי זיך מיט זיינע בליקען, לאָזען זיי אַפּ הענט און פיס און ווערען שטיל און גוט און פרום.

— און ווער איז בעטלער אָך־האָך־אָך?

— ער איז גרוי ווי די ערד נאָך זומער. ער האָט אַ שטעקען מיט אַ טאָרבע און אַ פּעקעל מיט מעשה'לעך פאַר יונג און אַלט, מיט מעשה'לעך פאַר קינדער.

אמאָל אין אַ גרויסען ווייסען ווינטער האָט געטראָפען, אַז בעטלער אָך־האָך־אָך איז זיך געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט, פון דאָרף צו דאָרף און איז פערגאַנגען אין אַ וואַלד אויף נאַכט.

אָך־האָך־אָך איז געווען מיעד פון וועג, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: וואוהין וועל איך געהן אין דער נאַכט דורך אַזאַ גרויסען פרעמדען וואַלד? איך וועל פאַר מיר בעסער דאָ ערגעץ אויפזוכען אַ זיכערען פּלאַץ, וועל זיך צושפּאַרען אויף מיין טאָרבע און וועל דאָ איבערזיין די נאַכט.

און ווען אָך־האָך־אָך האָט זיך געלאָזט געהן זוכען אַ זיכערען פּלאַץ פאַר זיך, האָט זיך פאַר איהם מיט אַ מאָל בעוויעזען אַן אָפּענער טהאָל אין וואלד. אין דעם טהאָל איז געשטאַנען אַ פערפרוירענער טייך און אויפ'ן מיטען טייך איז געשטאַנען אַ צובויגענער בוים.

דער בוים איז געשטאַנען ווי אויף אומצופאַלען.

און ווי אָך־האָך־אָך האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען אויף דעם בוים, האָט ער דערזעהן, ווי פון דעם בוים הויבט זיך אויף אַ דינער מענש. דער מענש האָט געהאט הויכע פיס און שרעקליך לאַנגע און דאַרע הענט און ער איז צוגעקומען צו אָך־האָך־אָך און האָט געפרעגט:

— ווער ביזטו?

האָט איהם אָך־האָך־אָך געענטפערט:

— איך בין אַ בעטלער.

האָט דער מענש איהם ווייטער געפרעגט:

— בעטלער, קומסטו אהער פון ווייט?

— יאָ, איך קום אהער פון ווייטע וועגען, — האָט אָך־האָך־אָך געענטפערט.

— האָסטו וואו בעגעגענט דעם פעטער שנייער? — האָט זיך דער מענש נעפרעגט.

— ניין, — האָט אָך־האָך־אָך געענטפערט, — ניט געזעהן און נים געהערט.

— ווייסטו, בעטלער, אז היינט איז אַ יים־טוב אין דעם וואלד? — האָט דער מענש געזאָגט.

— אַ יום־טוב?! — האָט אָך־האָך־אָך געפרעגט. — פאַר וואָס און פאַר ווען?...

איז דער דינער מענש געוואָרען נאָך דינער און לאַנגער און האָט געזאָגט:

— עס איז אַ יום־טוב, ווייל איך שפּיעל באלד אויף און ברענג אראָפּ אַ שטורעם אין דעם וואלד.

בלייבט אָך־האָך־אָך אַזוי צושראָקען שטעהן, קנייטשט זיין שטערן,

טאפט זיין שטעקען, ווייסט ניט וואָס דאָס זאָל בעדייטען און ער פרעגט:

— וואָס הייסט, דו ברענגסט אראָפּ אַ שטורעם אין דער נאכט אהער אין וואלד?

שפּריים דער דינער מענש פאנאנדער זיינע שרעקליך לאנגע און דינע הענט, וואקסט מיט אַ מאָל אין איינער פון זיי אויס אַ פיעדעל און אין דער אנדערער אַ סמיק, די האָר הויבען זיך איהם אויף אין דער לופטען און ער זאָגט:

— איך בין וואָר־וואָ־הו — דער שטורעם־שפּיעלער.

האָט אַך־האָך־אַך צועפּענט מויל און אויערען, גענומען מיט שרעק קוקען אויף דעם שטורעם־שפּיעלער וואָר־וואָ־הו, און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

און איידער וואָס ווען, איז דער גאנצער וואלד ווי דורך אַ כישוף פערשפּרייט געוואָרען מיט פאנאנדערגעלעגטע בלויע פייערען און אזוינע מאָדנע מיידלעך מיט אזוינע צינדענדיגע בלויע אויגען האָבען זיך ארומ־געדרעהט ארום די פייערען, מיידלעך, וואָס האָבען זיך אַלע מאָל אויס־געהויבען אין דער לופט ווי שטיקער ווינד.

— און וואָס איז דאָס?! — האָט אַך־האָך־אַך געפרעגט, זיך אָנ־האלטענדיג אָן זיין שטעקען און אָן זיין טאָרבע...

וואונדערט זיך וואָר־וואָ־הו און פרעגט:

— וואָס, בעטלער, דו האָסט דאָס נאָך גאָר קיינמאָל ניט געזעהן?!

— ניין, — ענטפערט אַך־האָך־אַך. — ניט געזעהן און ניט געהערט.

— מיט מיין שפּיעלען האָב איך, בעטלער, פערפיהרט אין די וועל־דער די שעהנסטע מיידלעך פון דער וועלט און האָב זיי דאָ געמאכט פאר ווינט־מיידלעך. איז נאָכדעם געקומען קריק־קריק פראָסט און האָט פער־נומען די וועלדער מיט די מיידלעך. קריק־קריק פראָסט איז גרוי ווי אַ זיידע, און זיינע וועלדער זיינען איצט גרויס ווי די וועלט און זיינען פול מיט מיינע ווינט־מיידלעך, און קומט אָן די נאכט נעהמען זיך מיינע מיידלעך מיט זייערע בלויע אויגען צינדען אָט די פייערען אין די וועל־דער, און ווען עס שטארקען זיך די פייערען, שטארקט זיך דער פראָסט, ווערט דער זיידע פון דעם צופריעדען און לאָזט זיך געהן איבער די

וועלדער. ער ברעכט בוימער און וואַרפט זיי אין פייער, ער שפּאַלט מיט זיינע הענט אין שטיקער די שטאַרקסטע דעמבעס, און מיינע מיידלעך האָבען ליעב פייער, כאַפּען זיי מיט פרייד אונטער די שטיקער און וואַרפען זיי אין פייער און צולעגען נאָך אַלץ נייע און נייע פייערען. און די פייערען קנאַקען זיך פאַנאַנדער. — אָט, הערסט ווי זיי קנאַקען?!

ווען וואָו־וואַ־הו איז שטיל געוואָרען, האָט אָך־האָך־אָך זיך אומגעקוקט אויף דעם וואַלד, וואָס איז מיט אַ מאָל געוואָרען גרוים ווי די וועלט... אויף די שפּרינגענדיגע און פליהענדיגע ווינד־מיידלעך, אויף די בלויע פייערען, וואָס האָבען אַזוי מורא׳דיג געקנאַקט אין דער נאַכט, אַז אַ גרויל איז אריבער זיין לייב, און ער האָט ווי פאַר זיך אָפּגעזאָגט:

— אָך־האָך־אָך! וועט, הייסט דאָס, באַלד ווערען אַ ברענענדיגער פראָסט?

— אַ פּראָסט און אַ שטורעם, — האָט וואָו־וואַ־הו צוגעלעגט.

— און נאָך אַ שטורעם אויך?! אָך־האָך־האָך!

— יאָ, — האָט וואָו־וואַ־הו געענטפערט. — ווייל איך וועל באַלד אויפרייצען דעם אַלטען קריק־קריק פראָסט און זיין נארישען דיענער, יענער פיף־פאַף־פאַף. די ווינט־מיידלעך וועלען זיך באַלד נעהמען יאָגען און טראָגען איבער פעלדער, איבער וועלדער, איבער שטעדט און איבער דערפער. און דו, בעטלער! —

קוק אהין
און קוק אהער!
איינס!
צוויי!
און שטעה!

און ווי נאָר וואָו־וואַ־הו האָט דאָס אָפּגעזאָגט, איז אָך־האָך־אָך מיט איהם שוין געשטאַנען אויף אַ בערגעל ביי אַן אויסגעהיילטען בוים, און ביי דעם בוים האָט צו איהם וואָו־וואַ־הו אַזוי געזאָגט:

— בעטלער! — אַ ביסעל וועט דיר אָט דער בוים פון מיין שטורעם־שפּיעל בעשיצען, און נאָכדעם וועט אפשר דער פעטער שנייער קומען אין צייט, וועט זיין שניי דיך איינדעקען.

אויס
וועלט
וועלט איין,

— אך־האָך־אָך! — האָט דער בעטלער אָפּגעזיפצט און איז אריינגעקראָכען אין דעם אויסגעהיילטען בוים, וואָס אויפ׳ן בערגעל. פון דאָרט האָט ער געקענט זעהן אלץ וואָס קומט פאָר אין וואלד און איבער׳ן וואלד.

און וואָר־וואָ־הו האָט גלייך פאנאנדערגענומען זיינע לאנגע, דארע הענט, ווי צוויי שפּיציגע פלינלען. אין איין האנד איז געווען זיין סמיק, אין דער אַנדערער זיין פיעדעל, און ער איז מיט איין מאָך א פליה געטהאָן צום אייז, צו דעם צוקנייטשטען דאָרען בוים, וואָס שטעהט ווי אויף אומצופאלען.

און ווי נאָר וואָר־וואָ־הו האָט זיך אראָפּגעלאָזט נעבען בוים, האָט ער גלייך ארויפגעלעגט זיין סמיק אויף די סטרונעס און די פיעדעל האָט גענומען רופען.

האָט א ווינט־מיידעל דערהערט — מען רופט, איז זי ארויס פון דעם וואלד צום אייז, זיך אומגעקוקט און דערזעהן, אז דאָס איז דער ציגיינער וואָר־וואָ־הו, דער שטורעם־שפּיעלער.

וואָר־וואָ־הו האָט אָבער אלץ ניט אויפגעהערט צו רופען מיט זיין פיעדעל.

האָט די מיידעל פערשטאַנען, אז מען מיינט ניט זי, האָט זי אויפגעהויבען איהר קאָפּ און איהר האנט און איהם געהאָלפען רופען. איז אָנגעקומען נאָך און נאָך א מיידעל. וואָר־וואָ־הו אָבער האָט מיט אמאָל גענומען שפּיעלען, אזוי אז זיין פיעדעל האָט פון מאָל צו מאָל גענומען קלאָר און שארף רופען:

דזין־דזין!

דזין־דזין!

דזין־דזין־דזין!...

האָבען די אַנגעלאָפענע מיידלעך גענומען לויפען אין אלע זייטען און האָבען אינאיינעם מיט דעם פיעדעל געזיכט און גערופען:

דזין־דזין!

דזין־דזין!

דזין־דזין־דזין!...

און אָך־האָך־אָך איז זיך געלעגען אין דעם אויסגעהיילטען בוים און געטראַכט:

וואָס איז דאָס פאַר אַ דזין־דזין?

האָט איהם דער אויסגעהיילטער בוים געענטפערט:

„דזין־דזין איז די מיידעל, פאַר וועלכער קריק־קריק פראָסט האָט אָפּגעצעהלט שטאַרקע דרייצעהן וועלדער.

„זי איז דעם זיידען טהייער ווי דער שוואַרצאַפּעל פון אויג.

„זי האָט אָבער ליעב דעם שפּיעלער וואָר־וואַ־הו.

„זי האָט ליעב צו טאַנצען אונטער זיין פּיעדעל און זיין סמיק.

„און ווען די פּיעדעל רופט אין מיטען פון איהר טאַנצען אויס: דזין־דזין! שפּרינגט זי אויף אין דער לופטען פון פרייד."

טראַכט פאַר זיך אָך־האָך־אָך:

פאַר וואָס זשע קומט זי ניט, אַז זי האָט איהם אַזוי ליעב?

נעהמט דער בוים ווייטער רעדען און זאָגט:

„דזין־דזין האָט היינט מורא מעהר ווי אַלע מאָל.

„זי ווייסט, אַז פּיף־פּאַף־פּאַף מיט די גרינע אויגען ליעגט ער־גענץ אין אַ לאָך ניט ווייט פון איהר און וואַרט אָפּ איהר יעדער טראָט.

„זי ווייסט אויך, אַז דעם זיידע, קריק־קריק פראָסט, געהט דאָס היינטיגע נאַכט זעהר גוט.

און נאָכדעם,

ווען ער וועט אָנברעכען אַ סך ביימער,

ווען ער וועט אָנשפּאַלטען אַ סך האָלץ,

ווען די בלויע פייערען וועלען שוין זיין צושפּרייט איבער אַלע וועלדער,

ווען ארום די פייערען וועלען אַלע ווינט־מיידלעך טאַנצען אין פרעהליכע רעדער,

וועט זיך דעם זיידען פערוועלען האָבען נעבען זיך זיין דזין־דזין, פאַר וועלכער ער האָט אָפּגעצאָהלט די דרייצעהן וועלדער."

פערנעהמט אָך־האָך־אָך די רייד פון דעם בוים און זעהט, אַז וואָר־וואַ־הו וויל פון נאַרניט וויסען, זיין פּידעל רופט אַלץ און רופט,

און די מיידלעך גליטשען זיך איבער'ן אייז אהין און אהער און שרייען אויס און הילכען אָפּ. און וואָר־וואָ־הו'ס לאנגע הענט צורייצען זיך אַלץ מעהר און מעהר, צורייצען זיך אויף די טענער און די מיידלעך און נעהמען זיך ארומטראָגען כעס'דיג און ווילד. און אָט האָבען זיך די מיידלעך גאָר גענומען באַרוועס קלעטערען אויף די פערשנייטע בוימער. פון דאָרטען האָבען זיי פערציטערטע און צושראָקענע גענומען קוקען און זוכען איבער דעם ווייסען און ווייט צוצווייגטען ווילדען וואַלד, און זיי האָבען מיט אויסגעשטרעקטע העלזער גענומען שרייען און רופען:

דזין־דזין!
דזין־דזין!
דזין־דזין־דזין!

האָבען זיך אויף זייערע געשרייען אָנגעטראָגען נייע כוואַליעס און כוואַליעס ווינט־מיידלעך און זיי זיינען אַלע פערכאפּט געוואָרען פון דעם דזין־דזין געשריי, און האָבען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען זייערע ווייסע שניי־שלייערס און זיינען ארויסגעשפרונגען אין זייערע בלויע ווינט־העמדער, און האָבען זיך אומגעקוקט צושראָקענע, און האָבען מיט שרעק דערזעהן, אַז דזין־דזין איז צווישען זיי ניטאָ. זיינען זיי דערפאר אַלע מיט איין מאָל נאָר אָפּגעשפרונגען פון די בוימער מיט אָנגעבראָכענע צווייגען אין די הענט און האָבען זיך מיט די שפּיציגע צווייגען גענומען שמייסען איינע די אַנדערע. און אָט האָבען זיי גאָר אויסגעשטשירעט זייערע ווייסע שפּיציגע צייהן און האָבען זיך גענומען בייסען מיט אַזאַ בייזקייט, אַז אָך־האָך־אָך האָט פון דעם דערפיהלט אַ שרעקליכען גרויל אין זיינע קאַלטע ביינער. און אָט האָבען ביי די ווינט־מיידלעך מיט אַמאָל אויפגעגלאַנצט זייערע אויגען מיט אַ בייזען פייער און זיי האָבען מיט זייערע אויסגעשטשירעטע צייהן זיך גענומען בייסען די לופט, ווי זיי וואָלטען פון איהר שטיקער רייסען. און נאָכדעם האָבען זיי גאָר אויפגעהויבען זייערע קעפּ און האָבען זיך פאַנאַנדערגעבילען ווי הינט...

איז אָך־האָך־אָך פון דעם שיער אָהן אָטהעם געבליבען. עס האָבען איהם גענומען פריהרען די האָר אויפ'ן קאָפּ. האָט שוין די שעהנע דזין־דזין לענגער ניט געקענט אויסהאַלטען און איז מיט אַמאָל פון ערגעץ

אויפגעשפּרונגען און האָט זיך גענומען לייכט קייקלען און שפּרינגען איבער באַרג און טהאָל...

האָבען ביי דעם יעגער פּיף־פּאַף־פּאַף זיך אָנגעצונדען זיינע גרינע אויגען און ער האָט זיך גלייך ארויפגעכאַפּט אויף זיין גרויסען לאַנגען פערד, וואָס איז אויבען וויים ווי שניי און אונטען שוואַרץ ווי נאכט, און ער האָט זיך גענומען יאָגען נאָך איהר פון טהאָל צו טהאָל, פון באַרג צו באַרג, פון וואַלד צו וואַלד. דאָס פערד האָט זיך געטראָגען שנעלער פון א ווינד אין פעלד, שנעלער ווי א פייל פון בויגען. און ווען דער יעגער מיט די אָנגעצונדענע גרינע אויגען האָט דערזעהן, אז ער קען זי פאַרט ניט אָניאָגען, האָט ער גענומען שיסען פון זיין גרויסען ביקס:

— פּיף־פּאַף־פּאַף! — האָט גענומען קנאַלען איבער׳ן וואַלד בייז און שווער — פּיף־פּאַף־פּאַף!!!...

זיינען נאָך יעדען שאָס פון אַלע זייטען אויפגעשפּרונגען הונדערטער און הונדערטער ווינט־מיידלעך און האָבען זיך הוזשענדיג און קוויטשענדיג גענומען נאָכפּליהען נאָך פּיף־פּאַף־פּאַף און נאָך זיין פערד.

דזין־דזין אָבער האָט זיך געקאַטשעט און איז געשפּרונגען איבער די טהאָלען און בערג שנעלער פון פּיף־פּאַף־פּאַף און פון זיין פערד. זי האָט געטאַנצט און איז געשפּרונגען איבער דעכער, איבער שניי און איבער ביימער און האָט זיך בעוויעזען אויפ׳ן אייז. — — — —

און ווי נאָר דזין־דזין האָט זיך בעוויעזען אויפ׳ן אייז, האָט זיך דערהערט קריק־קריק פראָסט׳ס ווילדסטער בייזער. עס האָט אויפגע־ציטערט דער גרויסער אַלטער וואַלד. עס האָט זיך אויפגעשלאָגען א געדיכטער ווייסער שטויב. עס האָבען גענומען קנאַקען צווייגען און פּלאַצען ביימער. דאָס אייז האָט זיך גענומען אין שטיקער רייסען, עס האָבען אויפגעציטערט שטערט און דערפער. — — —

און דער אויסגעהיילטער בוים האָט דעם אָרימען אָך־האָך־אָך לענגער ניט געקענט בעשיצען, און אָך־האָך־אָך איז ארויסגעפאַלען צו דער ערד ווי א שטיין.

ערגעץ אויפ׳ן עק פון דער ערד האָט זיך אָבער באַלד בעוויעזען די

וועלט איין,
וועלט
אויס

בלייבע געשטאלט פון דעם ליכטינען פעטער שנייער, וואס האט אויף דער וועלט גאר ניט, נאר אזוינע ווייסע נעצען און אזוינע קלארע אויגען, וואס יעדער בייזער און שולדיגער ווערט פאר זיי אפהענדיג...

דער ערשטער, וואס האט דערזעהן דעם פעטער שנייער אין יענער נאכט, איז געווען א הונגעריגער וואלף, וואס האט זיך פאנאנדערגעוואיעט אין דער נאכט ביים ברעג פון וואלד. און ווי נאר דאס ערשטע שנייעלע האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער נאז פון דעם צורייצטען קריק־קריק פראסט, האט זיין כח גענומען שווינדען, און ווען עס האבען פאר איהם אויפגעשיינט דעם פעטער שנייער'ס וואונדערבארע אויגען, האט ער מיט אמאל אפגעלאזט הענט און פיס.

א געדיכטער שניי האט גענומען איינדעקען און בערוהיגען דעם אלטען וואלד.

און דער שניי האט דערפרישט אך־האך־אך'ס דערפרוירענע גליעדער.

און דער שניי האט אויך אפגעמינטערט אך־האך־אך'ס פער'חלש'טע הארץ.

אויפהויבען אבער האט זיך דער ארימער אך־האך־אך פארט ניט געקענט, האט ער גענומען קרעכצען:

— אך־האך־אך, מיינע כחות! אך־האך, וואס וועט פון מיר איצטער ווערען? — אך־האך־אך!

— וואס וועט ווערען פון דער מעשה'לע, וואס איך האב דא אין דעם וואלד געזעהן?...

— דאס וואלט דאך געווען א נייע מעשה'לע פאר מענשען און פאר קינדער!

— אך־האך־אך, קינדערלעך, קינדערלעך! ווער וועט אייך איצט דאס מעשה'לע ברענגען?... אך־האך־אך!

איז ווי דער בעטלער האט אזוי געזיפצט, האט גלייך גענומען ברעכען אויף טאג, און אין וואלד איז אריין די זון — דער גרויסער, גאלדענער פויגעל קי־קו־קי, וואס דער רייכער וואַ־לאַ־לאַ האט נאך פאר זיין ערשטען אוועקגעהן געשענקט דער ערד.

— קי־קו־קי, דו אַלטער וואַלד! — האָט די זון אויסגעשריען. —
אַט האָב איך דיר געבראַכט אַ נייעם מאָרגען!

די ביימער פון דעם פּערשנייטען אַלטען וואַלד האָבען אויפגעשיינט
ווי לאַכענדיגע קינדער און האָבען זיך גענומען באָדען אין דעם גאָלדענעם
מאָרגען, און די זון האָט זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען וואַלד אויף אַ
בוים, וואָס געבען בעטלער אָך־האָך־אָך און האָט איהם גענומען וועקען:

בעטלער, בעטלער, קי־קו־קי!
בעטלער, בעטלער! ביזט אַ נאַר.
האָסט ליעב קינדער, פאַר דערפאַר,
זיי ניט קליין און זיי ניט גרויס,
קום מיט מיר פון וואַלד אַרויס.

האָט דער בעטלער צועפענט זיינע אויגען און האָט דערפיהלט ווי
אימיצער וואָלט איהם מיט אַ מאָל אַריינגעבלאָזען אַ נייע נשמה. און
ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און האָט געדאַנקט און געלויבט
גאָט, וואָס האָט איהם מציל געווען, יואָס האָט אויף איהם רחמנות
געהאַט און האָט צוריקגעשענקט זיין לעבען. און ער האָט צוריק פערר־
וואָרפען זיין טאָרבע און זיין פּעקעל אויף די אַקסעל און האָט גענומען
זיין שטעקען און איז בשלום אַרויס פון וואַלד און ער איז אַוועק זוכען
זיין וועג צווישען די פּערשנייטע פעלדער, און איבער איהם איז גע־
פלויגען די זון, דער גרויסער גאָלדענער פויגעל פון דעם רייכען וואַ־לאַ־לאַ.

ר. אייזלאנד:
בעטלער

קלאָגט א בעטלער:
כאָטש א שטיקעל טרוקען ברויט;
ס'ווערט פערברענט אויף מיר די הויט!
כאָטש א ביסעל וואסער!
צווייטער בעטלער:
אויסגעהן וועט דאָ באלד דער בלאסער.
ערשטער בעטלער:
אָנגעוואוירען ווייב און קינד,
בין א שפּיעל איף פאר'ן ווינד;
ווארפט ער מיך אהער, אהין,
אָהן א טעם און אָהן א זין.

בין שוין גראָה און אלט געוואָרען,
און עס לויפען מיינע יאָהרען
בארג ארויף און בארג אראָפּ,
אז עס שווינדעלט מיר אין קאָפּ.
צווייטער בעטלער:
בויגט זיין קאָפּ זיך צו דער שוים
ווייל די ליידען זיינען גרוים,
און פון ישוב איז ער ווייט,
קלאָגט ער אויף דער אלטער צייט.
ערשטער בעטלער:
דעם גאנצען טאָג אין פעלד געזעסען,
ניט געטרונקען, ניט געגעסען;
און די ביינער זיינען הויל,
ס'רינט די סלינע פונ'ם מויל.

קויטיג איז דאָס העמד פון אלטקייט
און די זויל פון שיך צושוואומען
און דער ווינד געהט אין די בוימער. —
ווען וועל איך צום ישוב קומען?

דאַר די הענט און קרום דער רוקען,
צונעוועהנט זיך שוין צום בוקען
פאַר דעם הארטען שטיקעל ברויט
אין דער לאַנגער, לאַנגער נויט.

דריטער בעטלער:

חי־חי־חי־חי! ווי א מלך
לעב איך זיך מיין לעבען פרעהליך,
שלעפּ איך זיך דאָ אין דער פרעמד, —
וואָס זשע ארט מיך ס׳קויטיג העמד?
אז איך דאַרף ניט קומען גיך,
וואָס זשע ארט מיך פוילע שיך?
האָב איך ניט קיין ביסען ברויט,
שטעל איך זיך אנטקעגען טויט,
ווי איהר זעהט מיך הויל און דאַר,
און ער נעהמט מיך ניט, דער נאַר.
חי, חי! חי, חי! חי, חי!

ערשטער בעטלער:

ווי אין חלום שטעהט מיין ווייב,
ציטערט מיט׳ן גאַנצען לייב,
פאַלט צו מיינע פיס און וויינט:
גאָט האָט אונזער הויז בעשיינט
מיט א ליעב און ליכטיג קינד —
ניט פערלאָז אונז דאָ אצינד.
כ׳האָב איהר וויינען ניט געהערט
און דאָס פנים אָפּגעקעהרט,

וועלט איין,
וועלט
אוים

מיט מיין שטעקען אין דער האנט
האב איך שנעל פערלאזט דאס לאנד.

דריטער בעטלער:

האב איך ניט קיין ווייב, קיין קינד,
בין איך ווי דער ווילדער ווינד,
פריי און פרעהליך אומעטום,
מאך מיין היים וואו נאר איך קום.
פיהל איך אז מיר פעהלט א הויז,
גראב איך ווי די קלוגע מויז
מיר א נארע אין א שטיין
און גיעב רוה צו מיין געביין.
פעהלט מיר אוים א ווייב צום ליעבען,
קלייב איך אוים די שעהנסטע זיעבען
מיידען, וואס איך זעה אין טרוים,
און פערבעט זיי אין מיין היים.
חי, חי! חי, חי! חי, חי!

פערטער בעטלער (פונ'ם שלאף):

אין א ווייטען, ווייטען לאנד
שטעהט א הויכע פעלזען־וואנד;
איז אין פעלז א טיעפע הייל,
ציהט זי זיך אויף זיעבען מייל.
ליעגען דארטען טיעף בעהאלטען
אין די לעכער, אין די שפאלטען,
זיעבען קרוינען פון דער וועלט. —
זאל נאר קומען יענער העלד,
וואס איז זיעבען לאנגע יאהרען
דורך דער גאנצער וועלט געפאהרען
און געטראפען צו דער הייל,
וואס זי ציהט זיך זיעבען מייל, —

הונדערט צעהן

וועלען זיעבען גאָלדען קרוינען
איהם דעם לאַנגען וועג בעלוינען.
דריטער בעטלער (זינגענדיג):
טריף־טראַף,
טריף־טראַף!
טריפט אַ רעגען אויף די שטיינער,
ציהט אַ קעלט דורך מיינע ביינער.
טריף־טראַף,
טריף־טראַף!

טריט־טראַט,
טריט־טראַט!
טיאַפּקען מיינע טריט אין רעגען
אויף די לאַנגע, נאַסע וועגען.
טריט־טראַט,
טריט־טראַט!
פערטער בעטלער (פוג'ם שלאָף):
האָבען זיך אויף וועגען זיעבען
זיעבען יונגע לייט געקליבען.
מיט זיין שטעקען אין דער האנד,
יעדער אין דעם ווייטען לאנד.

לענדער, ימים דורכגעפאָהרען.
איינער איז שוין גראָה געוואָרען;
ווען ס'פעהלט אַ פוס, אַ האנד,
און די הויכע פעלזען־וואנד
איז אַלץ ניט צו זעהן.
צווייטער בעטלער:
האָט איהם שוין דאָס גליק געטראָפּען,
אז ער איז דאָ איינגעשלאָפען,

וועלט איין,
וועלט
אויס

איז אפילו פונ׳ם שלאָף
זעהט ער ניט קיין גוטען סוף.
פערטער בעטלער (פונ׳ם שלאָף):
און די זיעבען יונגע לייט
האָבען אין דער לאנגער צייט
יעדער אָן דער הייל פערגעסען.
האָט געטראָפען ווען געזעסען
זיינען אלע אויף דעם אָרט,
וואו די הייל געפינט זיך דאָרט.
האָבען זיך דאן אלע זיעבען
אין אָן אנדער אָרט געקליבען,
ווער פון הונגער, ווער פון נויט,
זוכען וואו א שטיקעל ברויט.
ערשטער בעטלער:
כאָטש א שטיקעל טרוקען ברויט!
ס׳ווערט פערברענט אויף מיר די הויט.
צווייטער בעטלער:
נאָר עס שרייט פון איהם די נויט.
און אָט דער נאָר רעדט פון שלאָף.
ברידער, וואָס וועט זיין דער סוף?
אלטער בעטלער:
קרומע הענד און לאָמע פיס,
דאָך איז ס׳לעבען גוט און זיס.
אָהן א קלייד און אָהן א העמד
און פערוואָגעלט אין דער פרעמד;
דאָך נאָר זעהט די גרויסע פרייד,
וואָס פאַר אונזער אויג זיך שפרייט. —
האלט דאָס הארץ נאָר גוט און ריין,
וועט איהר אלע גליקליך זיין.

א שטים פון דער זייט:

זייט גרייט! זייט גרייט!
דער טאָג פערגעהט.
אין ווינקעל שפּעהט
דער בייזער, בייזער האָהן.

זיין קאָם איז רויט,
און בלייך די נויט;
עס פּאָכט דער טויט
מיט זיינע הארטע פליגעל.

א שטים פון ערגעץ וואו:

כאַ, כאַ! כאַ, כאַ! כאַ, כאַ!



נפתלי גראָס:

## צוויי ליעדער

נאָך אַ יאַגד־בילד.

— סער! דאָס פערד איז שוין געזאָטעלט,
און אַלע זיינען צו דער יאַגד שוין גרייט. —
דער סער איז באַלד אַרויס אין הויף
און איז שנעל אויף זיין פערד אַרויף;
און נאָך איהם האָבען אַלע
אַוועקגעלאָזען זיך אין וועג מיט פרייד
פון הויכע הינט בעגלייט.
די זון איז אויפגעגאַנגען הינטער זיי,
דער הימעל האָט געגליהט ווי רויטער וויין.
און אויף דעם שמאָלען וועג ווייט, ווייט
געריטען זיינען זייט־ביי־זייט
די פרויען און די מענער
נאָך יאַגד אין גרויסען, טיעפען וואַלד אַריין,
מיט פרייד אין גרויסען, טיעפען וואַלד אַריין....

אַ געבעט.

פאַרנעהם מיין תפלה, באַשעפער פון דער וועלט:
נעהם מיין נשמה צו צו דיר אויף איבער נאַכט
און הייל זי אויס;
און זאָלען דיינע פליגלען זי בעשירעמען
ביז איבער נאַכט.
און מיר שיינק רוה און שלאָף ביז איבער נאַכט.
און ווען עס וועט דער מאָרגען קומען
און ס׳וועט אַ שטראַהל פון זונענשיין
צו מיר אין צימער אַריין נאָך דער נאַכט,
שיק באַשעפער, מיר מיין נשמה אַ געלייטערטע צוריק —

בעל מחשבות:

דר. הערצל
און אַנטאָן טשעכאָוו



דר. הערצל
און
אַנטאָן טשעכאָוו

.1

א סך פון הערצעל׳ס פערעהרער וועלען זיך געפינען בעליידיגט, וואָס איך פעראייניג ביידע נעמען אין איין אַרטיקעל. נאָר וואָס זאָל איך טהאָן. איך בין א מענש, וואָס האָב נישט נאָר א בעציהונג צו מיינע נאַציאָנאַלע און פּאַרטיי־העלדען, נאָר צום מענשען בכלל, בעזונדערס צום מענשען וואָס שאַפט, צום מענשען דעם קינסטלער. איך וויים, אַז איטליכער פון זיי איז געווען א שטערן פאַר זיך און האָט געלויכט איט־ליכער אין זיין וועלט, איטליכער אין זיין הימעל. פאַר מיר אָבער זיינען געווען זייערע אָ ב ג ע ט ה י י ל ט ע הימלען, וואו עס שטראַהלען און פינטלען, וואו עס לעשען זיך און פלאַקערען אויף פערשיעדענע שטערן, א י י ן־א י י נ צ י ג ע ר ה י מ ע ל.

הערצעל׳ס טויט האָט אויף מיך געמאַכט א גרויסען איינדרוק. איך האָב אויסגעמיעדען די גערטנער, וואו מען האָט געשפּיעלט מוזיק. איך האָב פון דאָס נײַי ענטפלעקט די אַלטע פערוואָרפענע ברעגעס ביי׳ן טייך ניעמאַן, וואו איך פלעג יונגערהייד פיהרען שפּאַציערען מיין אומעט און טרויער, מיינע פּראָטעסטען צו גאָט און צו לייטען, מיין צער און עגמת־נפש, מיינע חלומות און דאגות. איצט האָב איך דאָרט געפיהרט שפּאַ־ציערען מיין טרויער אויפ׳ן טויט פון דעם מענשען, וואָס האָט יאָהרען לאַנג בעשטראַהלט מיין קליין וועלטעל און אריינגעטראָגען ליכטיגקייט אין מאַנכע ווינקעלעך פון מיין מח. ווען איך וואָלט זיך ניט געשעהמט, וואָלט איך אָנגעטהאָן א שוואַרצען טרויער־באַנד איבער מיין לינקען אָרעם. זאָלען די מענשען וויסען, אַז איך בין אין אָבל, און זאָלען זיי מיך לאָזען צורוה מיט זייערע קליינטשינקע אינטערעסען און פריידען!

קיין 13 טעג זיינען נאָך נישט פערביי זינט הערצעל׳ס טויט, און א צווייטע בשורה האָט מודיע געווען, אַז אַנטאָן טשעכאָוו איז טויט.

הערצעל איז געשטאָרבען דעם 3טען יולי 1904, און א. טשעכאָוו דעם 15טען.

איך שעהם זיך נישט אויסצוזאָגען... טשעכאָוו איז מיר געשטאַנען נעהנטער ווי הערצעל, כאָטש איך האָב הערצלען געליעבט מיט א פיעל

שטאַרקערען ברען ווי דעם ערשטען. מיין ליעבע און צובונד צו ביידען קען מען פערגלייכען, ווי די טיעפע וואַרימע ליעבע פון אַ ברודער צו אַ ברודער און ווי דער ליידענשאַפטליכער משוגע׳נער צובונד פון אַ מאַן צו זיין געליעבטער. מיט טשעכאָוו׳ען האָב איך געלעבט זינט איך געדענק זיך; נאָך פון דער צייט אָן, ווען ער האָט אָנגעהויבען שרייבען אין די הומאָריסטישע רוסישע בלעטער. מיט הערצלען האָב איך זיך ערשט בעקענט אין 1897, ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל דער־זעהן ביים באַזעלער קאָנגרעס.

אין ביידען׳ס טויט האָב איך פלוצלונג אונמיטעלבאַר דערפיהלט די טראַגיק פון מענשען און די גרויסע טראַגיק פון דער שעפפערישער פערזענליכקייט, וואָס ווערט שטענדיג אונבאַרמהערציג דערוואָרגען פון אַ בלינדען אידיאָטישען שיקזאַל.

הערצעל׳ס טויט האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווי די אָנגעצויגענע סטרונע, איבער וועלכער מען דאַרף אָט אָט אריבערפיהרען דעם שטאַרקען ענערגישען פיעדעל־בויגען... אַ וועלט מענשען וואַרטען מיט אָפענע אויערען און מיילער אויף דעם וואונדערבאַרען טאָן, וואָס דאַרף ארויס פון דער דאָזיגער פעסט אָנגעצויגענער סטרונע און פלוצלונג בעוויזט זיך אָנשטאָט דעם בויגען אַ טעמפער מעסער און שניידט זי איבער אין סאַמע מיטען...

אין טשעכאָוו׳ס טויט האָט זיך מיר געמאָהלט, ווי דער טאָן פון אַ קאַמערטאָן, וועלכען מען האָט אמאָל אַ קלאַפּ געטהאָן אָן טיש. מיט איטליכער רגע ווערט דער טאָן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. דאָס אויג זעהט שוין נישט דאָס ציטערען פון די קאַמערטאָן־פיסלעך, נאָר דער אויער פיהלט, אז עפּעס קלינגט אַזוי שטאַרבענדיג טרויעריג אין ארומיגען שטח. דער טאָן ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ביז ער קומט צום גרענעץ פון דער שטילקייט און גיסט זיך מיט איהר צונויף, אויסהויכענדיג דעם לעצטען קלאַנג־אָטהעם...

.2

צו איז הערצעל נישט געווען די פעסט אָנגעצויגענע סטרונע! פון דעם טאָג אָן, ווען ער גיט ארויס זיין „יודענשטאַט“ ביז צום אוגאַנדאַ־קאָנגרעס ווערט אַלץ פעסטער און פעסטער אָנגעצויגען די סטרונע פון

זיין פערזענליכקייט. אַ מענש מיט אַ קעניג־טרוים בעווייזט זיך אין אונזער פינסטער אידיש וועלטעל און אלע זיינע מוסקולען ווערען האַרט ווי שטאָהל און בויגיג ווי אָנגעצויגענע שפּרוזשינע.

מיט הערצעל׳ס ציוניסטיש לעבען הויבט אָן צו קלאַפּען דער אונרוה פון אידישען זייגער, וואָס האָט שוין כמעט אויפגעהערט צו רוקען זיינע ווייזערס. אַ ווילדע ענערגיע צוגיסט זיך אין הערצלען, זינט דעם ערשטען קאָנגרעס. מיט איין פוס צוגעבונדען צו זיין זשורנאַליסטישער ארבייט, רוהט ער פונדעסטוועגען נישט אויף קיין רגע. ער בערייזט די גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט. ער האַלט רעדען פאַר טויזענד־קעפּיגע פערזאמלונגען. ער פערבינדט זיך מיט פירסטען, קעניגע, מיט דעם פּאַבסט, מיט דעם סולטאַן, מיט׳ן פּאָרטפעל פון אַ צייטונגס־רעדאַקטאָר פאָהרט ער אויס גאַנץ אייראָפּאַ, און וואו נאָר עס דוכט זיך איהם, אַז ער וועט וועקען אָן אָדער פאַר זיין קעניגס־חלום, איז ער דאָ. ער ארבייט פאַר זיין חלום מיט אלע מיטלען פון זיין רייכער מאַגישער פערזענליכקייט. ער האַלט רעדען; ער פיהרט דיפּלאָמאַטישע פערהאַנדלונגען, ער פערפּלאָנטערט זיך אין אַ ביטערען שווערען קאַמפּף מיט אונזערע גרויסע פילאַנטראָפּישע חברות, ער שרייבט ראָמאַנען, טעאַטער־שטיק און פילאָזאָפישע אַרטיקלען פאַר זיינע אַנהענגער און נעגנער, ער זוכט מיט אלע מעגליכקייטען אריינצודרינגען טיעפער אין׳ם פאָלק, פאַר וועלכען ער בויט אַ שטאַאַט, ער שיקט פערניפּטעטע קוילען אין דעם לאַגער פון זיינע געגנער, וואָס האָבען מיט אמאָל זיך אויפגעהויבען געגען זיין חלום ווי אַ בלינדע פינסטערע וואַנד.

און איטליכס יאָהר קומט ער צום אידען מיט אַ נייער בשורה. דאָ גרינדעט ער די קאָלאָניאַל־באַנק, שפּעטער דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. ער וואַרפט אַריין אין די פערצווייפעלטע מאַסען פון די אידישע וויינער און קלאָגער די אידעע פון אַ טשאַרטער. מיט אַ פיבערהאַפטער ענערגיע זוכט ער דאָס ערשטע שטיקעל ערד, וואו אידען זאָלען זיך קענען אַרויס־ווייזען אלס אַ שטאַאַט־בילדענדיגע מאַכט. ער טראָגט זיך אַרום מיט דער אידעע פון אַ „גרויס־פּאַלעסטינאַ“ און פיהרט אונטערהאַנדלונגען וועגען אַ טשאַרטער אין על־אריש. און ווען דער טשאַרטער גיט זיך איהם נישט איין, פערליערט ער נישט זיין מוטה און נעהמט אָן דעם

אונאנדא־פראיעקט, וואס קען אויך בעווייזן דער וועלט דעם כח פון א אידישען קבוץ אלס שטאאטס־בילדענדיגע מאכט.

עס איז בכלל פאר דעם ברייט־דענקענדיגען מענשען ניט וויכטיג צו הערצעל׳ס חלום איז געווען עקאנאמיש בעגרינדעט אדער נישט. וויכטיג איז נאר דאס, וואס דאס אידישע לעבען, דאס אידישע פאלק איז בכח ארויסצוגעבען אזוינע גרויסע בעלי־חלומות מיט אזא אונגעהויערער ענערגיע פאר דעם אונפארטייאישען (און אונפארטייאיש ווערט איטליכער, ווען ער פערטיעפט זיך אין דעם זין פון א פערזענ־ליכקייט, וואס האט ווי א מעטעאר בעלויכטען א הימעל פון א גרויסען קבוץ מענשען), איז הערצעל די אנגעצויגענע סטרונע פון דער גרויסער אידישער נויט, ער איז דער סימבאל פון אלע אונזערע טיעפסטע נאציא־נאלע חלומות, ער איז דער שטורם וואס דערשלאגט די שוואכע און דערפרישט די קראנקע, ער איז די קראפט, וואס האט געהויבען אונזער געפאלענע זעלבסט־אכטונג און וואס האט אונז אין א געוויסער היסטא־רישער עפאכע אויסגעגלייכט דעם געבויגענעם רוקען.

און ווען די דאזיגע אנגעצויגענע סטרונע איז גראב צושניטען גע־ווארען אין די בליהענדעסטע יאהרען פון זיין לעבען, האבען א סך דער־הערט דערביי דעם גרילציגען געלעכטער פון שטן, וואס שפיעלט זיך תמיד אין טייוולאנישע פאלאנדרעס. ער ציהט אן דעם בויגען, אזש ביז צו זיי׳ן גרעסטער קראפט און ווארפט איהם דערנאך ארויף אויף א צאהן פון א פעלז, וואו ער צופלאצט מיט א פערצווייפעלטען יאמער־געשריי. אין הערצעל׳ס טויט זעהען מיר אונזער מענשליכע טראגיק. ווען מיר זיינען שוין צייטיג געווארען צו געבען דעם שעהנסטען טאן פון אונזער לעבען, דעמאלט פלאצען מיר, און פערהילכען די וועלט מיט דעם קרעכץ פון א געפאלענעם, מיט דעם פערצווייפעלטען יאמער־געשריי פון א געבראכענער שטים.

.3

און צו איז טשעכאוו, די ריינע קינסטלערישע נשמה, נישט געוועזן דער קאמערטאן, וואס שטארבט אב פון ערשטען קלאפ אן ?!

טשעכאוו׳ס אומעט און זיין שטיל, כמעט פערצווייפעלט שמייכעלע

דר. הערצל
און
אַנטאָן טשעכאָוו

פּליעסען פון איין קוואל: פ ו ן ד ע ר ל ע ב ע נ ס ־ פ ע ר צ ו ו י י פ ־ ל ו נ ג. אַ מענש, וואָס קוקט אויפ'ן לעבען ווי אויף אַ קורצען חלום, וואָס בעטראַכט דאָס לעבען ווי אַ שפּיעל פון קרעפטען, וואָס צושיידען זיך נאָך איידער זיי בעהעפטען זיך, מוז קוקען מיט אַן אומעט־שמייכעל אויף אונז מענשעלעך, וואָס וויינען אויף זייערע צרות ווי אויף אייביגע צרות, וואָס גנהען צו צום געגרייטען טיש מיט אַזאַ פרעהליכקייט, אַקוראַט ווי דער דאָזיגער טיש וועט אייביג זיין געגרייט.

מען דערצעהלט וועגען בודהאַ'ן, אַז באַלד ווי ער איז אַרויס פון מוטערלייב האָט ער זיך אַרויסגעגליטשט פון דער אַקושערין'ס האַנד, האָט געמאַכט זיעבען קליינע טריטעלעך, און, אויפהויבענדיג זיין קליינטשיק פינגערעל, האָט ער אויסגערופען: „איך בין געקומען צו מענשען און געטער זיי אויסצולייזען אויף אייביג".

מיר דוכט זיך, אַז מיט דער צייט, ווען אַרום טשעכאָוו'ען וועלען זיך אָנהויבען בילדען לעגענדעס, וועט מען דערצעהלען, אַז די ערשטע קינדער־בעוועגונג פון דעם אומעטיגען קינסטלער איז געוועזן אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ פון אַ פערצווייפעלטען, וואָס האָפט שוין נישט אויף גוטס, וואָס בענקט תמיד און האָט נישט קיין האָפנונג, אַז זיינע בענקענישען וועלען אַמאָל מקוים ווערען.

אין טשעכאָוו'ס לירישע קונסט פיהלט זיך די יונגע נשמה פון אַ פּאָעט, וואָס איז געפעהרליך קראַנק. זיין האַרץ איז נאָך יונג אויף צו קענען וואַרפען די חנ'עוודיגע קאַפּריזען פון די לעבענס־פאַרבען, אָבער ער איז פיזיש צו שוואַך אויף צו קענען זיך בעהעפטען צו דעם שפּיעל פון די לעבענס־פעדים.

זיין חבר גאַרשין קלאָגט זיך אין זיינעם אַ בריעף צו אַ פריינד, אַז אַלץ, צו וואָס ער ריהרט זיך צו, ווערט פערוואַנדעלט אין שטויב און אַש. עפּעס אַ קללה הענגט איבער איהם. און די אייגענע קללה האָט גע'רודפ'ט טשעכאָוו'ען, האָט גע'רודפ'ט כמעט די בעסטע רוסישע לייט אין די אַכציגער יאָהרען.

אין טשעכאָוו'ען זעה איך די טראַגיק פון דער מענשליכער פערזענליכקייט, וואָס ווערט געבאָרען, ווי דער גריכישער טאַנטאַלוס, מיט אַן אייביג נישט געשטילטער תשוקה צו די גוטיגקייטען פון לעבען און

דערביי מיט דער טיעפער הכנה, אַז דער טיש איז געגרייט, אָבער עס איז ניטאָ די האַנד, מיט וואָס צו נעהמען די זילבערנע שיסלען מיט די גאָלדענע פּרוכטען. טשעכאָוו האָט שטענדיג גֶעקוּקט אויפ'ן לעבען, געקוקט מיט אַן אויג פון אַ קינסטלער, וואָס זעהט זיין שעהנקייט צוגאָסען אומעטום, סיי אין דעם פערלאָזענעם פּארק פון אַ פערפאָרימטען פּאָמעשטשיק, סיי אין רינשטאָק פון אַ דערפעל, וואו שקצים'לעך שפּיעלען זיך מיט פּאַפּיערענע שיפלעך. אָבער טשעכאָוו האָט זיך קיינמאָל ניט צונויפגעגאָסען מיט'ן לעבען. ער האָט קיינמאָל נישט געפיהלט זיין הייסען אָטהעם. ער איז געווען ווי יענער האָפנונגסלאָזער פערליעבטער, וועלכער וועט זיין געליעבטע קיינמאָל נישט האַלטען אין זיינע אָרעמס. אַנדערע וועלען זי פּיעסטענען, און די אַנדערע איז געווען פאַר טשעכאָוו'ען דאָס קומענדיגע געבילדעטע קולטורעלע רוסלאַנד.

---

יאָהרען זיינען אוועק, זינט דער טויט האָט פערשאָטענט מיט זיינע שווארצע פליגלען מיין גייסטיגע וועלט. וואָרום נאָר דענסמאָלט, ווען עס טראָגען זיך אוועק פון אונזערע אויגען די נעהנטסטע נשמות דערפיהלען מיר דעם ביטערען טראָפּען פון טויט.

פאַר אַ ליטעראַט איז אָפטמאָל דער קינסטלער אָדער די גרויסע פּערזענליכקייט אַ סך נעהנטער, ווי אַן אייגענער, אין וועמען עס פליסט קרובה'ש בלוט. און אַזוינע אייגענע זיינען פאַר מיר געווען טהעאָדאָר הערצעל און אַנטאָן טשעכאָוו.

יאָהרען־לאַנג האָב איך מיטגעזונגען די מעלאָדיע פון שטארבענדיגען קינסטלער, אין וועלכען עס האָט געקלונגען דאָס ליעד פון אַ דור, וואָס מוז אויסשטארבען.

שפּעטער האָב איך זיך יאָהרען־לאַנג געפיהלט געטראָפען פון די שטורם־פליגעל פון אַ הערצעל.

איז געקומען דער טויט.

די שטורעם־פליגעל זיינען אין אַ מיטען צובראָכען געוואָרען, און די מעלאָדיע פון אַ מדבר־דור, וואָס איז געגאַנגען שטארבען, איז ענטשאַלט געוואָרען. און ביידעס האָט פּאַסיר'ט אין איין מאָנאַט מיט יאָהרען צוריק.

י. י. שוואַרץ:

## אויפ׳ן חרוב׳ן האַרצען

פרץ הירשביין:

## אין מיין אלטען גאָרטען



י. י. שוואַרץ:
אויפ'ן חרוב'ען האַרצען.

א.

אוי, אויפ'ן חרוב'ען הארצען
איז שווער עפּעס זייהען....
וועט עס אַ פייער פערברענגען,
אַ ווינדטעל פערוועהען.

טאָמער וועט יאָ עפּעס שפּראָצען,
צובליהען די קערנער:
נור בלומען פערשוואַרצטע, ווי קויהלען
מיט שטעכיגע דערנער.

שטרויכלען מיר.

שטרויכלען מירביידע ווי קינדער —
איז וואָס? נו, מיר זיינען דאָך קינדער:
עס לויכט דיר דאָס קינד פון די אויגען —
אזא בליק פערמאָגען ניט זינדער.

אזוי קוקט אַ מלאך געפאלען,
פערטריבען ארויס פון גן־עדן;
אזוי קוקען קינדערלעך קליינע,
וואָס שמייכלען דורך טרעהרען פון פריידען.

איך בויג מיין קאָפּ.

איך בויג מיין קאָפּ טיעף פאר דיין גרויסען צער
און פאר דיין גרויסער ליעבע;

וועלט איין,
וועלט
אוים

און פיהל מיט דיר, טראָג דורך מיט דיר דיין צער,
און בענש דיך מיט מיין ליעבע.

דורך זיעבען פלאַמען לויטערט זיך דיין זעעל,
דורך זיבען גיהנם־פלאַמען;
זי וועט ארויסגעהן ליכטיג, קלאַר און העל
און שטראַהלען פון די פלאַמען.

שלאָפסטו איצט ?

שלאָפסטו איצט אָדער ביזט וואך ?
איך קאָן ניט שלאָפען אצינד.
שטיל אין דער שטילקייט פון נאכט
רוף איך צו דיר, טרייע קינד.

ס'ברענט אין'ם הארצען א בראנד,
גיסט זיך אריבער מיין פיין;
שטיל אין דער שטילקייט פון נאכט
וויקלען די פלאַמען מיך איין.

ברען אויף דיין אייגען פלאַם.

ברען אויף דיין אייגען פלאַם. עס וועט
דיך האַלטען וואך פון פריה ביז שפעט.
ס'וועט צינדען אין דיין אויג א בליץ
און צאַפּלען וועסטו זיך פאר לייד;
זיי שטיל און שטאָלץ ! די צייהן פערקריץ
און פיהל ווי ס'הארץ פערגעהט, פערגעהט.

און טאָמער געהט דאָס פייער אוים —
נעהם וואַרף דיין הארץ אין פלאַם אריין:

וועסט זעהן ווי ליכטיג, שעהן און גרויס
עס ברענט א הארץ אין רויטען שיין.
עס ברויזט א פלאם — זיי שטיל און שטאלץ —
א הארץ ברענט לויטערער פון האלץ.

ב.

איצט זאל געבענשט זיין.

איצט זאל געבענשט זיין גאט'ס האנד,
וואס האט אויף מיין וועג מיך געפיהרט;
אויפגעוועקט האט זי מיין גייסט,
מיין הארץ מיט איהר פלאם אנגעריהרט.

גרויס און געבענשט איז גאט'ס האנד —
זי האט גליק און לייד מיר בעשערט;
לויבענדיג זינג איך איהר רוהם —
די גרויסקייט פון גאט אויף דער ערד.

ווי די גאלדענע און הייסע פערעל.

ווי די גאלדענע און הייסע
פערל טריעף־וואקס פון דער סאסנע
אין א הייס צוגליהטען זון־טאג —
שמעקט דיין קערפער.

ווי די קיהלע פייכטע פיילכען,
ווען די רויטע זון געהט אונטער
איבער וואלד און וואסער — דופטען
דיינע ליפען.

וועלט איין,
וועלט
אויס

אויף די שוואַרצע בלומען.

אויף די שוואַרצע בלומען פון דיין זיידען קלייד
פאַלט דער אָוונט־שיין;
דורך די פענסטער שטראָמט די שמעקעדיגע לופט
ווי אַ רויטער וויין.

ס'גליהען פייעריג די קווייטען פונ'ם טעפּיך
לעבעדיג און ראָז;
ס'ציטערט, צינדט זיך אויף אַ וואַנד און ברענט
פון דעם בילד דאָס גלאָז.

ס'גליהט דיין שעהנער, שטאָלצער קאָפּ אין רויטען ליכט,
דיינע האָר אין פלאַם;
דיינע אויגען ראָז פערנעבעלט — ראָז און גרויס —
ווי אַ ראָזער ים.

צינד אָן דיין מאַמע'ס בענש־לייכטער.

צינד אָן דיין מאַמעס בענש־לייכטער די צוויי
ביים פענסטער, וועלכע גערט אַרויס צום פעלד.
און לויכטען זאָל זיך צנועה'דיג אַרויס
דער שבת־קודש איבער גאָר דער וועלט.

דיין קינד פערנעהם אונטער דיין ווייסען שירץ,
דאָס קעפּעל ברוין געלאָקט און ליעב געזיכט;
פערדעק די אויגען מיט די בלאַסע הענט
און ווי דיין אַלטע מאַמע בענש די ליכט.

און יעדער שלעכטער רעיון וועט אַוועק —
אַרום דיין קאָפּ וועט קרייזען זיך אַ שיין.

דיין קינד וועט אַנקוקען דיין טרער פערבליפּט —
ווי רבקה, רחל, לאה וועסטו זיין.

ליעב איך די ערד שוין.

ליעב איך די ערד שוין אויף וועלכע איך טרעט —
פריש איז די ערד דאָ און פרוכטבאַר און פעט.
מיידעלשע ערד אַזוי נאָכגעביג, מילד,
קושט מיינע טריט מיט איהר גראָז און זי קיהלט.
הויכט פון איהר אינגעווייד עפּעל־געשמאַק,
פאָכען די ווינדטלעך און גלעטען מיין באַק.

כ'וויים, ס'איז די ערד ניט פערהייליגט מיט בלוט —
ס'ליעגט ערגעץ אַנדערש מיין טאַטע און רוהט.
אָבער מיין קינד פון איהר ערד איז אַ שטיק:
לויכט אין איהר ליכט, איז בעגליקט פון איהר גליק...

אַ שטילער טאָג אַזאַ.

אַ שטילער טאָג אַזאַ האָט אונז זיך איינגעגעבען
מיט שטילע ווינדטלעך און מיט בלויע הימלען;
מיט הויכע בערג פערנעבעלטע אין ווייכער בלויקייט,
מיט ווייסע וואַסער־ליליען וועלכע דרימלען.

מיט הענד געפלאָכטענע, ווי ס'בלאָנדזען קליינע קינדער,
מיט ווייכע מילדע טריט אויף גראָז און בלעטער;
מיט הערצער שטיל־פערנעבעלטע וואָס שלאָגען רוהיג
וואָס דענקען ניט פון נעכטען, טרוימען ניט פון שפעטער.

מיט אויגען גלעטענדע אין אייגען גליק פערטיעפטע
וואָס פאַלען בענשענדיג די גרינע פעלדער
וואָס זיינען דורכגעוועבט מיט בלוי, פיאָלעט און ווייסקייט
און ווערען ווייט פערלאָרען אין די גרינע וועלדער.

וועלט איין,
גוועלט
אויס

א דאַנק דיר גאָט.

א דאַנק דיר, גאָט,
דו, גאָט, וואָס מאַכסט
דעם הימעל בלוי,
און טאָג און נאַכט.

און טרילערסט פון
דער פויגעל־קעהל;
און שימערסט אין
דער בלויער וועל.

וואָס גיסט דיין טוי
אויף בלום און בוים,
און שמייכעלסט זיס
אין אונזער טרוים.

און וואַכסט אויף אונז
און היטסט אונז אָפּ;
מאַכסט ניי דאָס האַרץ
און יונג דעם קאָפּ.

צינדסט אָן א זון
אין בלוי און ראָז;
טרינקסט אָן מיט זאַפט
דעם גרינעם גראָז.

און הילסט אונז איין
מיט גרויס גענאָד....
א דאַנק דיר, גאָט,
א ליבּ דיר, גאָט!...

זינגט נאָך אַלץ דער שטראַהל.

זינגט נאָך אַלץ דער שטראַהל פון מזרח
אין מיין יונג און קאָכיג בלוט;
פיהל, ווי ס'ברויזט אין מיר דאָס פייער, —
עס פערצעהרט מיך מיט זיין גלוט.

צינדט נאָך אַלץ דער שטראַהל פון מזרח
בליצען־פייערען אין אויג; —
שלאָגט ארויס זיך ווילד דאָס פייער
פון מיין יעדען קעהר און בויג.

זעה, איך בין א זוהן פון מזרח:
דורות האָבען ניט געקענט
אָבווישען פון מיר די שפּורען
פון דעם הייסען אָריענט.

ווי דאָס ברוינע זאַמד פון מדבר
איז מיין פּנים ברוין אַזוי ;
אויף די אונרוהיגע לאָקען
רוהט נאָך אַלץ דער חרמון־טוי.

ס׳ברענט דער מזרח פאַר די אויגען
און אין הארץ אַ ביינקשאַפט גליהט ;
און אויף מיינע פרישע ליפּען
קלינגט נאָך אַלץ דאָס מזרח־ליעד.

ג.

## מאָטיווען פון תהלים

דאָס וואַסער האָט דערזעהן דיך, גאָט !

דאָס וואַסער האָט דערזעהן דיך, גאָט —
דאָס וואַסער האָט דערזעהן דיך, און פערבליפט
איז עס געוואָרען טיעף ערשיטערט ;
די אָבגרונדען זיי האָבען זיך פערטיעפט
און האָבען קרעכצענדיג געציטערט.
די וואָלקען האָבען וואַסערען געפלאָסען,
און וואַסער האָט אין וואַסער זיך געגאָסען ;
דער הימעל האָט גערונערט און געצאַנקט,
און גרינע בליצען האָבען בייז געבלאַנקט
בעפאָכענדיג די וועלט ווי מיט אַ שווערד —
און אויפגעשווידערט האָט די ערד...

אין גרויסע ים׳ען איז דיין וועג,

אין טיפען וואסער איז דיין שטעג —
און ס'איז קיין שפור צו דיינע טריט...

און האָסט דעם ים געשפּאָלטען מיט דיין מאַכט.

...און האָסט דעם ים געשפּאָלטען מיט דיין מאַכט
פון פעלזען האָסטו וואסער געמאַכט פליסען,
און טייכען פון די בעטען אויסגעריסען —
דעם טאָג האָסטו בעשאַפען און די נאַכט,
און זון און שטערען האָסטו אָנגעצונדען —
און פעסטגעשטעלט פון ערד די גרונדען.

דען דו האָסט, גרויסער גאָט, מיך ניט פערשעהמט.

דען דו האָסט, גרויסער גאָט, מיך ניט פערשעהמט
און האָסט פון מיר זיך ניט דערוויטערט —
דו האָסט מיך אויסגערופט, מיין נאָמ,
און ווי מען לייטערט זילבער, — מיך געלייטערט.
האָסט אין א קלעם מיך איינגעקלעמט,
געלעגט א דרוק אויף מיינע לענדען.
און האָסט אויף מיר געטהאָן פערשווענדען
די פולע אוצרות שפּאָט
און שאנד...
דערנאָך האָסטו מיך אָנגענומען ביי דער האנד
און ווי א קינד
געפיהרט דורך וואסער און דורך פייער און דורך גאכט —
און האָסט צו שטילע ברעגען מיך געבראַכט
אצינד...

אויפ׳ן
חרוב׳ען
הארצען.

ניט פערבארג דיין געזיכט.

ניט פערבארג דיין געזיכט
אין דעם טאג פון מיין נויט;
נויג דיין אויער צו מיר
אינ׳ם טאג ווען איך רופ.

דען ווי א רויך פערשוואונדען איז מיין טאג,
און טרוקען איז מיין מארך און אויסגעברענט...
ווי גראז געשלאגען איז מיין הארץ מיט פלאג,
און אהנמעכטיג אראבגעלאזען מיינע הענט.

דען צו אן עלענד פויגעל אויף א פלויט
בין איך געגליכען מיט מיין וועה־געזאנג...
דען אש האב איך געשאטען אין מיין ברויט,
געמישט האב איך מיט טרעהרען מיין געטראנק...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

און ווי א שאטען איז פארביי מיין טאג,
און איך בין גלייך צו דאס פערטריקענט גראז...

ווי א אינד וואס לעכצט נאך שטראמען־וואסער.

ווי א אינד וואס לעכצט נאך שטראמען וואסער,
אזוי לעכצט מיין נשמה נאך דיין ליכט...
איך דורשט נאך דיר, מיין לעבעדיגער גאט, —
ווען וועל איך זעהן דיין אנגעזיכט?
עס וויינט און טרויערט טיעף מיין זעעל אין מיר,
פון טיעפסטער טיעפעניש דערמאן איך זיך אן דיר...
איין אבגרונד רופט צום צווייטען מיט געזאנג,

די אונטער שטראָמען ברויזען מיט געדראַנג —
און אַלע דיינע כוואַליעס זייגען איבער
מיין קאָפּ דעם עלענדען אריבער...

בייטאָג וועט גאָט
מיר שיקען זיין גענאָד.
ביינאַכט וועט מיר זיין ליעד א טרייסטונג געבען —
א שטילע תפלה צו דעם האר פון לעבען...

גיט אָפּ גרויסקייט צו גאָט׳ס נאָמען.

גיט אָב גרויסקייט צו גאָט׳ס נאָמען —
קניהט צו גאָט אין שטילען ציטער.
ס׳קלינגט גאָט׳ס שטים איבערען וואסער,
דונערט איבער פרייען וואסער.
קלינגט די שטים פון גאָט מיט גבורה,
קלינגט די שטים פון גאָט מיט גרויסקייט.
ברעכט גאָט׳ס שטים די עלטסטע צעדער —
גאָט צוברעכט לבנון׳ס צעדער,
מאכט זיי שפרינגען ווי די לעמער...
שלאָגט גאָט׳ס שטים אויס פייער־פלאמען.
וועקט גאָט׳ס שטים דעם טויטען מדבר,
ווערט פערציטערט שווער דער מדבר...
מאכט גאָט׳ס שטים די אינדען טאַנצען...

און די וועלט — אין שטילער מורא,
ציטערט, בויגט זיך: היילינ, היילינ...

אין מיין
אַלטען
גאַרטען

## פרץ הירשביין:

### אין מיין אַלטען גאָרטען.

אין מיין אַלטען גאָרטען
בליהען אַלע בוימער.
בויגען זיך די צווייגען
אונטער שווערע בליהטען.

געהט פערביי דער פריהלינג;
געהט פערביי דער זומער —
ווער וועט פרוכטען קלייבען
אונטער מיינע בוימער?

געהט פערביי דער פריהלינג;
געהט פערביי דער זומער —
ברעכען זיך די צווייגען
אונטער שווערע לאַסטען.

### רויט איז דער וויין.

רויט איז דער וויין, גרין איז דאָס פעלד —
און ס'ציטערט דער בעכער אין האַנט.
טיעף איז דער ים, גרויס איז דער פיין,
וואָס בליהט אין מיין אייגענעם פעלד.

גרין איז דאָס פעלד, טיעף איז דער ים
און פול איז דער בעכער מיט פיין.
טיעף איז די נאַכט. פול איז דאָס הארץ —
וואו ס'וויגט זיך א פינסטערער ים.

עס רוישט דער ים.

עס רוישט דער ים, ער וויינט און לאַכט
פאַר אַנגסט און לוסט און פּיין.
רופט אַ שטים פון אָבגרונד טיף:
מענש, די וועלט
איז דיין!

עס נידערט לייכט די קיהלע נאַכט,
ליוליעט, וויגט ס'האַרץ מיר איין.
ווינקט אַ שטערן פון הימעל־בלוי:
מענש, די וועלט
איז דיין!

עס פאַלט פון בוים שטיל בלאַט נאָך בלאַט.
עס וויינט די נאַכט פאַר וועה.
ציהט אַ שטים דורך נאַכט און רופט:
מענש, אַ מענש,
פערגעה!



דזשיי טאָפּעל:

# האָמער׳ס איליאַדע

(פון גריכיש)



דזשיי טאָפּעל
האָמער'ס איליאַדע.

## צווייטער געזאַנג

געטער און קריעגער זען' אַלע געשלאָפען די נאכט, נאָר צעוס'ען
האָט נישט גענומען קיין שלאָף. ער איז וואכזאם געלעגען פערטהון אין
שווערע געדאנקען, ווי קען ער טהעטיסעס זוהן אכילעאוס
צייגען זיין אכטונג און אומבערעננען פיעל גריכען. איז איהם אויפ'ן
זין א גרויסארטיגער איינפאַל געקומען, צו שיקען צו אטרעוס'
זוהן אגאמעמנאָן א פאלשע ערשיינונג. ער האָט גלייך א חלום
אין שעהן-געפליגעלטע ווערטער גערופען און דאן איהם אוועקגעשיקט:
„פליה פאר מיר, פאלשע ערשיינונג, צו די אכייער'ס שנעלע
שיפען, און ווען דו וועסט קומען צו די געצעלטען פון אטרעוס'
זוהן אגאמעמנאָן טו פינקטליך אלץ ווי איך בעפעהל דיר און הייס איהם
אַלע שעהן-לאָקיגע גריכען דעם גאנצען טאָג אַנגורטען, דען מעגליך
ער וועט נאָך היינט די וויט-ברייטע שטאָדט פון די טראָיער בעזיעגען.
זאָג איהם, דאָס אַלע אונשטערבליכע געטער, וואָס האָבען געצעלטען
אויף דעם אָלימפּאָס, זען' נישט מעהר אונאיינשטימיג; הערא האָט
מיט איהר
בערעדזאמקייט די געטער צום גוטען בעוואויגען; יעצט הענגען
איבער די קעפּ פון די טראָיער אונצעהליגע צרות און ליידען."
דאן איז דער חלום פערשוואונדען, ווען ער האָט דערהערט זיין
געביעטער.
בליצשנעל איז ער געפלויגען צו די אכייער'ס געצעלטען
און איז ערשיענען פאר אטרעוס' זוהן, אגאמעמנאָן; ער האָט איהם
געפונען ליעגען אין רייכען געצעלט, און ביי איהם האָט געלאַנגווייליגט
אמבראָזער שלאָף. ער האָט זיך געשטעלט איהם צוקאָפּענס, אין דער

פאָרמע פון נעלעוס׳ זוהן, נעסטאָר, וואָס פעלידעס האָט פון די עלטסטע
מייסטענס געאַכטעט. אין דער געשטאַלט האָט דער חלום געשפּראָכען:
„שלאָפסטו נאָר, אַטרעוס׳ זוהן, דו העלדישער קריגער און פערד־צוימער?
ס׳פּאַסט נישט פאַר קעניגע שלאָפען די גאַנצענע נאַכט. פאַר דיר, אָן
וועמען אַ פאָלק איז אָבהענגיג. ס׳איז דאָך דאָ פיעל צו בעזאָרגען.
הער מיך געלאַסען צו, דען איך בין אַ שליח פון צעאוס.
ער איז זעהר ווייט פון דיר אָבער ער זאָרגט זיך און טראַכט אַלץ פון דיר,
ר׳הייסט די לאַנג־לאָקיגע גריכען זאָלען דעם גאַנצען טאָג זיך
אָנגורטען; מעגליך וועסט היינט נאָך בעזיגען די ווייט־ברייטע שטאָדט פון די
טראָיער; דען אַלע אונשטערבליכע געטער וואָס האָבען געצעלטען
אויף דעם אָלימפּאָס זען׳ נישט מעהר אונאיינשטימיג; הערא האָט מיט איהר
בערעדזאַמקייט די געטער צום גוטען בעוואויגען, און ס׳הענגען
איבער די קעפּ פון די טראָיער אונצעהליגע צרות און ליידען.
לעג׳ס דיר אוועק אין זכרון און זעה עס נישט צו פערגעסען,
ווען די וועסט פון דיין ערפרישענדען, געטליכען שלאָף ערוואַכען.“
דאָס האָט דער פאַלשער איהם איבערגעגעבען און דאָרט איהם געלאָזען
טראַכטען און קלעהרען פון זאַכען, וואָס זיינען געווען געגען שיקזאַל.
ר׳האָט שוין גערעכענט בעפאַלען די שטאָדט דעם קומענדען מאָרגען.
נאַרישער מענש! ער האָט נישט געוואוסט וואָס עס פלאַנעוועט צעאוס;
דאָס ער האָט אָנגעגרייט נייעם וועהטאָג און צאָהללאָזע ליידען
פאַר די אכייער מיט די טראָיער אין בלוטיגע שלאַכטען.
ר׳האָט גלייך ערוואַכט, נאָר די געטליכע שטים האָט געלאַנגווילט אַרום איהם.
ר׳האָט זיך גלייך אויפגעזעצט, און זיך אַריבערגעצויגען דעם ווייכען
פאַנצער פון שעהנעם און נייעם געוועב, דאַן אַריבערגעוואָרפען די
הילע, און אויף זיינע צאַרטע פיס זיך סאַנדאַלען געבונדען,
איבער די אַקסלען אַריבערגעוואָרפען די זילבער־בעשמוקטע

שווערד, און ער האָט זיין נע'ירשנ'טען צעפטער, דעם אונצושטערבאַר־ען,
גענומען, און זיך געלאָזט געהן צו די פאַנצער־גקעליידעטע גריכען.
געמיין פריהמאָרגען ז'געשטיעגען צום הויכען אָלימפּאָס, אָנזאָגען
צעאוס'ן און די אַנדערע אונשטערבליכע געטער פונ'ם ליכט פון דעם
מאָרגען.
ער אָבער האָט די העראָלדען בעפוילען פעררופען מיט זייער
דונערנדער שטים די שעהן־לאָקיגע גריכען. און הויך האָט געשאַלט דער
הילכינגער צורוף, און גלייך איז צוזאמענגעלאָפען דאָס חיל.
נאָר פריה'ר האָט שטאַטגעפונען אַ פערזאַמלונג פון עלטסטע ארום דער
שיף פון דעם ראַטגעבער נעסטאָר, דעם פּולוס־געבוירענעם קעניג.
זיי האָט אַטרידעס צוזאַמענגערופען און פאָרגעלעגט זיין פּלאַן:
„הערט מיך אויס, פריינדע. ווען איך בין געשלאָפען איז צו מיר געקומען א
הימלישער טרוים אין דער הערליכער נאַכט, זיין געשטאַלט — עהנליך
צו אונזער
נעסטאָר'ס, אין אויסזעהן, גרויס און געבוי — די טרייעסטע קאָפּיע.
ר'האָט זיך געשטעלט מיר צוקאָפּענס און האָט צו מיר דיעזעס
געשפּראָכען:
„שלאָפסטו גאָר, אַטרעוס' זוהן, דו העלדישער קריגער און פערד־צוימער?
ס'פּאַסט נישט פאַר קעניגע שלאָפען די גאַנצענע נאַכט, פאַר דיר, אַז
ווען אַ פאָלק איז אָבהעניג, דען ס'איז דאָ פיעל צו בעזאָרגען.
הער מיך געלאַסען צו, דען איך בין אַ שליח פון צעאוס.
ער איז זעהר ווייט פון דיר, אָבער ער זאָרגט זיך און טראַכט אַלץ פון דיר.
ר'הייסט די לאַנג־לאָקיגע גריכען זאָלען דעם גאַנצען טאָג זיך
אָנגורטען; מעגליך וועסט היינט נאָך בעזיעגען די ווייט־ברייטע שטאָדט
פון די
טראָיער; דען אַלע אונשטערבליכע געטער וואָס האָבען געצעלטען
אויף דעם אָלימפּאָס זענ' נישט מעהר אונאיינשטימיג; הערא האָט
מיט איהר
בערעדזאַמקייט, די געטער צום גוטען בעוואויגען, און ס'הענגען
איבער די קעפּ פון די טראָיער אונצעהליגע צרות און ליידען.

לעג דיר דאָס אַלזאָ אין זינען. דאָס האָט ער געזאָגט מיר, און איז דאַן
אוועק, און דער אנגענעהמער שלאָף האָט מיך אין גאנצען פערלאָזען.
יעצט לאָמיר די העלדישע זיהן פון ד'אַכייער אָנגורטען.
איך וועל זיי פריהר אָבער אויספּרואווען, אום כ'זאָל זיין זיכערער מיט זיי.
כ'וועל זיי בעפעהלען ארײנשטייגען אין די רודערער־שיפען
און אנטלויפען, און איהר זאָלט זיין פאָרבערייט, ווען ז'וועלען נעמען מיך
צו ערנסט, זיי צו ערקלעהרען און צווינגען זיי צ'ריק אין די רייהען."
ר'האָט זיך אַנידערגעזעצט נאָך זיין רעדע; דאַן האָט זיך אויפגעשטעלט
נעסטאָר. דער קעניג פון זאַמדיגען פּולים. געטריי, פון הארצען,
און דער עלטסטער פון אַלע פערזאמעלטע, האָט ער געשפּראָכען:
„פריינדע, איהר פיהרער און פאָלקס־פערזאָרגער, אויב ס'וואָלט אונז אן אַנדרערער
זיינעם אַ חלום ערצעהלט יעצט, מיר וואָלטען ערקלעהרט איהם פאַר פאַלש און
זיך צוריקגעצויגען; דאָך דאָ איז דער פאַל נאָר אַן אַנדערער, דער וואָס
רעכ'נט זיך דער בעסטער פון גריכען האָט דאָס געזעהן, דעריבער
קומט, לאָמיר אָנגורטען אונזערע בראַווע העלדען שנעל ווי מעגליך."
ער האָט געגעבען זיין מיינונג, דאַן האָט ער פערלאָזען די זיצונג;
ס'האָבען די צעפּטער־הערשער געפאָלגט גלייך דעם ביישפּיל פון אַלטען
פּאַסטוך פון חיל, און זיי איז אַנטקעגען געקומען דאָס חיל.
אזוי ווי אַ מחנה ביהנען קומען אין אַ שווארצען געדרענג
פון דעם הוילען פעלז, און אימער אין פרישערע קופּעס, צו
פליהען צווישען די בליטהען פון בלומען פון פריהעסטען פריהלינג,
און פליהען אין צאָהללאָזע מאַסען, איינע אין איין ריכטונג, איינע אין
אַנדרע; אזוי האָבען די מאַסען חילות מארשירט אין איינצעלנע
גרופּען, פון די געצעלטען און שיפען ביים פלאַכען מעער־ראַנד
צו דער פערזאַמלונג. און אָססאַ, געשיקט פון צעאוס, האָט צווישען
זיי זיך צופלאַקערט און איינגעפליסט מוט; און די צאָהל איז געוואַקסען
אָהן אַן אויפהער. דאָס פעלד אין אויפרוהר! און אונטער זיי האָט די

ערד זיך געוואקעלט ווען ז׳האָבען זיך אַנידערגעזעצט. דער טומעל צום
טויב ווערען! ס׳האָבען העראָלדען מיט דונערנדע שטימען זיי
איינגעשטילט. —
אויב ס׳וועט דער טומעל ווען אויפהערען, אויב ז׳ווילען הערען דעם
קעניג.
שווערליך האָט׳ס פאָלק זיך אין רייהען אויסגעזעצט, דאן האָט
ס׳געררודער
ביסלעכווייז איינגעשטילט. יעצט האָט זיך אויפגעשטעלט דער
הערשער, אַטרעוס׳
זוהן, אַגאַמעמנאָן. זיין האַנד האָט געהאַלטען דעם צעפטער, העפייסטאָס
קונסטווערק. העפייסטאָס האָט איהם געשאָנקען דעם קעניג צעאוס
קראָניאָן,
ער ווייטער האָט איהם געשאָנקען זיין פלינקען שליח הערמעס, און
דיעזער געטליכער האָט איהם געשאָנקען צו פעלאָפס, דעם העלד פון
רייטוואָגען, פעלאָפס האָט איהם געשאָנקען צו אַטרעוס, דעם פיהרער;
אַטרעוס האָט איהם געלאָזט ירושה זיין ברודער טהועסטעס, דעם
עושר פון פעלדער; און ער ווייטער האָט איהם געלאָזט אַגאַמעמנאָנען,
הערשען מיט איהם איבער צאַהללאָזע לאַנד־שטרעקען און גאַנצען
אַרגאָס.
ר׳האָט אויף דעם צעפטער זיך אָנגעלעהנט, שפּרעכענדיג צו די
ארגעער:
„ליעבע הערָאָאישע ד׳אַנייער, קריעגס־קאַמעראַדען פון אַרעס,
קראָניאָן האָט מיך פערשטריקט מיט זיינע שעדליכע ליגענס,
הארצלאָזער גאָט! ער האָט מיר פערשפּראָכען. מיר ווילען
אַהיימגעהן ווען
איליאָס, די מעכטיג־געבויטע, וועט ליעגען פערניכטעט; יעצט האָט
ער מיך
ביטער גענאַרט און ער הייסט מיך אומקעהרען קיין אַרגאָס אין שאַנדע,
און כ׳האָב פערלוירען אַ היבש ביסעל חיל. (אַזוי שיינט געפעלט עס

וועלט איין,
וועלט
אויס

מעכטיגען צעאוס, וואָס האָט שוין צושטערט פיעלע שטעדט און וועט ווייטער
פיעלע צושטערען דען ר׳איז שרעקליך־מעכטיג). עס וועט זיין א שאנדפלעק
פאר אלע קומענדע דורות צ׳ערפאהרען, דאָס פּרוכטלאָז האָבען
אזוינע און אזוי פיעל אכייער געפאָכטען נוצלאָזע מלחמות
מיט א פיעל קלענערען שונא, און ס׳האָט גאָר קיין ענדע גענומען.
אויב מיר אכייער וואָלטען געוואָלט זיך פערגלייכען אין צאָהל מיט די
טראָיער, און וואָלטען געשלאָסען אן אייביגען שלום און ביידע
מחנות געצעהלט, — פון די טראָיער בלויז יענע וואָס וואוינען אין איליאס —
און מיר אכייער וואָלטען געשטעלט זיך אין גרופּען פון צעהן,
און יעדער צעהנדליג וואָלט זיך גענומען אן איינציגען טראָיער
קריעגער פאר וויינגיעסער, וואָלט גאָר פיעל פיעלע צעהנדלינג א וויינגיעסער
אויסגעפעהלט. כ׳גיב א בעגריף אייך וויפיעל מיר זענען אין מעהרהייט
פון די טראָיער וואָס וואוינען אין שטאָדט. נאָר עס העלפען זיי פיעלע
שפּיעזען־טרעגער פון אנדערע שטעדט, און זיי זיינען עס וואָס האלטען מיך
אָב מיט זייער מאכט און דערלאָזען נישט, איך זאָל מיין וואונש ערפילען
איליאסעס רייך־בעפעלקערטע הויפּטשטאָדט ענדליך בעזיעגען.
ניין לאַנגע יאָהרען פון מעכטיגען צעאוס זענ׳ שוין פאַראיבער. די
ברעטער פון שיף זענ׳ פערפוילט און די שטריק זענען לויזער געוואָרען;
אונזערע ווייבער, זיי זיצען דאָרט ערגעץ מיט אונזערע יונגינקע
קינדער, אין אָרגאָס, און ווארטען געדולדיג. און די זאַך
צוליעב וועלכער מיר זענען געקומען איז פּרוכטלאָז געבליבען.
הערט אלע פריינדע און טהוט וואָס איך היים אייך. לאָמיר מיט אונזרע
שיפען צוריקזעגלען נאָך אונזער טהייערען פאָטערלאנד דען מיר
וועלען שוין קיינמאָל בעזיגען די וויט־ברייטע שטאָדט פון די טראָיער.״

דיעזע אונגינסטיגע רייד האָבען לייכט אויפגעשטורעמט די הערצער
אין די ברוסטען פון פראָסטערען פאָלק וואָס האָט נישט געהערט די
ערשטע בעראַטונג. עס האָט זיך ערהויבען דאָס פאָלק ווי די רוישענדע
כוואַליעס פון מעער, פון איקאַריאַס, ווען מזרח און צפון־ווינד
קומען ארונטערגעשטורעמט פון וואָלקען פון פאָטער צעאוס, אָדער
אזוי ווי דער מערב־ווינד ווען ער קומט צופליהען ווייט איבער די רייכע
קאָרן־פעלדער, האסטיג, מיט אימפעט, און בויגט צו דער ערד די שווערע
זאנגען קאָרן; אזוי האָט געאיילט זיך דאָס חיל. צו ערשטענס
זען' זיי געלאָפען מיט יובעל־געשריי צו די שיפען און האָבען
שטויב־וואָלקען מיט זיירע טראָמפּלענדע פיס אויפגעהויבען און האָבען
איינער צום אנדערען פרעהליך געשריען זיך צו העלפען די שיפען אין
זאַלציגען מעער ארונטערצולאָזען און גרייט מאכען וועגען
פאַר זיי'רע שיפען. און ס'איז דאַן געוואָרען א שרעקליכער טומעל,
וואָס האָט דערגרייכט אַזש ביז צו די הימלען; זיי זענען שוין גרייט געווען
געהען, און האָבען פון אונטער די שיפען די קלעצער גענומען.
עס וואָלט דער היימקעהר קיין ארגאָס געוואָרען בלינד
דורכגעפיהרט, אויב
הערא וואָלט נישט געזאָגט צו די געטין אטהענאַ די ווערטער:
„וועה־געשריען, טאָכטער פון צעוס; אונערמידליכע, זעה וואָס דאָ
טהוט זיך.
זאָל מען ערלויבען די גריכען אויף אזוי א ווייזע אנטלויפען
איבער די ווייטע ימים אהיים צו זייער לאַנד? זיי וואָלטען די
טראָיער געלאָזען א ווערטפאָלע זאַך מיט וואָס טריאומפירען —
העלען פון ארגאָס, צוליעב וועמען פיעלע אכייער עס האָבען אין
טראָאי זייער לעבען פערלוירען, ווייט פון זיי'ר טהייערע היימאַט.
געה דארום גלייך צו דער מחנה פון פאנצער־געקליידעטע גריכען;
רעד צו זיי צערטליכע ווערטער און זעה זיי בעוועגען זיי זאָלען
זייערע וואקלענדע שיפען נישט לאָזען ארונטער אין מעער."
ס'האָט נישט געצעגערט אטהענאַ, די געטין מיט בליצענדע אויגען,

זועלט איין,
זועלט
אויס

און איז בליצשנעל ארונטערגעשאָסען פון שפּיץ פון אָלימפּאָס,
גלייך צו די איילענדע שיפען און שטאַרק־פערנומענע גריכען,
ז׳האָט דאָרט אָדיסעוס׳ן געפונען, דעם גלייכען פון צעאוס אין חכמה.
נישט ווי די אנדרע האָט ער זיך געפּאָרעט ביי זיין שווארצע שיף, דען
זאָרג האָט איהם אָנגעפילט ס׳הארץ און די זעעל ביז צום איבערפלוס.
און די
געטין אטהענא ז׳געשטאנען איהם נאָהנט ביי דער האנד און
געשפּראָכען:
געטליך־געבוירענער זוהן פון לאַערטעס, דו שלויער אָדיסעוס,
ווילט איהר גאָר כאַפּען איי׳רע פיעל־רו־ער שיפען און זעגלען צוריק נאָך
ארגאָס, און אויף אזא ווייזע פערמיידען מלחמה? איהר וואָלט די
טראָיער געלאָזען א ווערטפולע זאַך מיט וואָס צו טריאומפירען —
העלען פון ארגאָס, צוליעב וועמען פיעלע אכייער עס האָבען אין
טראָי זייער לעבען פערלוירען, ווייט פון זייער טהייערער היימאַט.
געה דארום גלייך צו די מחנה אכייער און טהו נישט פערזוימען;
רעד צו זיי צערטליכע ווערטער און זעה זיי בעוועגען זיי זאָלען
זייערע וואַקלענדע שיפען נישט לאָזען ארונטער אין מעער.״
ער האָט דערקענט באלד די שטים פון די שפּרעכענדע געטין און
האָט זיך
געלאָזט לויפען, און ארונטערגעוואָרפען די הילע — עס האָט זי
געכאפּט עורובאטעס פון איטהאקא, העראָלד און זיינס א בעגלייטער.
ער האָט געטראָפען דעם פירשט אגאמעמנאָן, געבאָרגט זיך דעם
צעפּטער, דאן
מיט איהם געשפּרייזט ביי די שיפען פון פאנצער־געקליידעטע גריכען.
ווען מיט א קעניג ער האָט זיך צוזאמענגעשטויסען, צו מיט אן
אנדרע בעוואוסטע פערזענליכקייט, האָט ער איהם זאנפט אָבגעמוסרט:
„פריינד, עס פאסט נישט זאָלסט ווערען צושראָקען ווי א נידריגער
פיינלינג,
זעץ זיך אליין אנידער און זעה דאָס עס זאָל זיך דיין באנדע

רוהיג פערהאַלטען. וואהרשיינליך, דו ווייסט נישט וואָס איז גאָר דער זין פון
אַטרידעס' רעדע; ער פּרואווט אייך יעצט אויס, אָבער באַלד וועט אייך קומען זיין
שטראָף. דען נישט אַלע מיר האָבען געהערט איהם רעדען אויף דער
פערזאַמלונג. ווען ער צאָרנט האָב איך מורא, וועט ער די גריכען נישט
שענקען. דען שרעקליך קען זיין דער צאָרן פון אַ געטליכען קעניג,
צעאוס טיילט איהם צו עהרע, דען ער איז דער ליעבלינג פון צעאוס."
ווען אָבער ער האָט דערטאַפּט גאָר אַ פּראָסטען מענש מאַכען אַ ליאַרעם,
האָט ער פערמאָסטען זיך מיט זיין צעפּטער און שטורמיג גע'רודפ'ט:
„האַר מיינער! זעץ דיך נאָר רוהיג אַניעדער און הער אויס אַנדרע
וואָס זיינען עלטער פון דיר; דו ביזט אויך מיר אַ קריעגער? דו ווערסט דאָך
קיינמאָל פערדרעכענט אין שלאַכט אָדער אויף אַ פּריוואַטער בעראַטונג.
ס'קען דאָך נישט ס'גאַנצע גריכען פאָלק זיין קעניג. די הערשאַפט פון פיעלע
איז נישט דאָס גלייכסטע; עס זאָל נאָר זיין איין הערשער, איין קעניג, וועמען
קראָניאָן האָט איבערגעגעבען דעם צעפּטער צוזאַם מיט דער חכמה."
אויף אַזאַ אַרט האָט אָדיסעוס בעהערשערט דאָס חיל; און וויעדער
האָבען זיי אומגעקעהרט פון זייערע שיפען אריין אין דעם פעלד מיט אַ
שטורעם, פּונקט ווי ווען אַ כוואַליע פון ברויזענדען מעער צושמעטערט זיך
אויפ'ן איינגע'עקשנ'טען מעער־ברעג, און גראָב ברומט דער ים ווי אין כעס.
דאַן זענ' זיי שטילער געוואָרען און אויסגעזעצט זיך אין די רייהען.
איינער נאָר, טהערסיטעס, האָט געלאָזט לויפען זיין צונג נאָר אָהן אַ סוף;
ער האָט געוואוסט פון פיעלעס, נאָר אַלץ אָהן אָן אָרדנונג און צאָהל, און

וועלט איין,
וועלט
אויס

מעהר פון אלץ, ווי אהן א פארוואס און פארוואן צו בעשימפפען
קעניגע, ווען ער האט נעזעהען דאס ער וועט ערשיינען דער קלוגער
ביי די ארגעער. דער מיאוס׳טער איז ער געווען פון אלע
דא ביי די מויערן פון איליאס: מיט אויסגעקרומטע פיס, און
הינקענד אויף איינעם; און צוויי רונדע אקסלען וואס זענען אויף זיין
ברוסט צוזאמענגעקומען; מיט א שפיציגען קאפ מיט זעהר ווייניג
האאר בעוואקסען. און ס׳האט איהם נעהאסט אכילעאוס, נאר מעהר פון
אלע, אדיסעוס; דען ער האט זיי אימער גע׳מוסר׳ט. און יעצט האט ער
אנגעגריפען הויך אויפ׳ן קול אגאמעמנאן, מיט בייסענדע ווערטער.
און די אכייער, זיי זענען געווען זעהר אויפגעבראכט אויף איהם,
האבען איהם ביטער געהאסט אין זיי׳ר הארץ; נאר ער, לויט זיין שטיינער,
האט אונגעשטערט זיך צושריען אויף פירשט אגאמעמנאן, דעם קעניג:
„אטרידעס, ביזטו מיט וואס אונצופרידען, צו פעהלט דיר וואס אויס׳עט?
פול זענען דיינע געצעלטען מיט מעש, און זעהר פיעל זענ׳ די פרויען
דיינע, וואס מיר אכייער האב׳ן דיר געשאנקען ווען מיר האבען
פעסטונג נאך פעסטונג בעזיגט. און פיעלייכט פעהלט דיר גאלד אויס? וועט ווער זיך
שוין וואו נעפינען פון די מענער פון טראי וואס זאל דיר בעצאהלען
אויסלעז־געלד פאר זיינס א זוהן, וואס איך צו אן אנדערער האבען אין
קריעג פערנומען; צו פעהלט דיר א פרישע פרויענצימער אויף צו
שטילען דיין לוסט מיט איהר מיידעלשע אונשולד, און האלטען פון אלע
זי אבגעזונדערט? עס איז גאר נישט רעכט פאר א הערשער און פיהרער
ברענגען אונז אלעמען, זיהן פון אכייען, צו אומגליק און ליידען.
אך, איהר שוועכלינגע, פייגלינגע, גריכישע ווייבער, זאגט וואו איז
אייער מענליכקייט! לאמיר זיך אומקעהרען מיט אונזרע שיפען,
איהם איבערלאזענדיג דא אין איליאס צו טרוימען פון הערשאפט,
וועט ער בעגרייפען צו מיר זענ׳ פון וועלכען ס׳איז נוצען אדער ניין.
(זעהט ווי ער האט דאן בעליידיגט אכילעוס, א בעסערען מענש פון

איהם, און זיין קריעג־פּרייז פערנומען פאַר זיך זעלבער, מיט איהר צו ליענען.
נאָר אַכילעוס האָט קיין גאַל אין דער ברוסט — אַך, יענער פוילענץ —
אָדער, אַטרידעס, דו וואָלסט טיראַניזירט צום לעצטען מאָל דאַן.
אויף אַזאַ אַרט האָט טהערסיטעס געשפּאָט פון דעם פּאַסטוך פון חיל.
גלייך איז צו איהם צוגעשפּרונגען דער געטליכער העלד אָדיסעאוס,
איהם פון אונטער די ברעמען בעטראַכט און גיפטיג געענטפערט:
„קוויטשענדער טהערסיטעס, ביזט גאָר אַ וואוילער פאָלקסרעדנער. בעסער
הער אויף צו רעדען און ווינש נישט מעהר איינציג צו שטרייטען מיט קעניגע.
כ'זאָג דיר דו ביזט די געפעהרליכסטע בריאה פון צווישען די גריכען
וואָס זענ' געקומען קיין איליאָס. איך ראַט דיר דו זאָלסט נישט מעהר נעהמען קיין
הערשער אין מויל ווען דו רעדנערסט און ציעלעוועסט מיט דיינע שמוציגע
רעד געגען זיי און דו טראַכסט נאָר פון היימקעהר. מיר האָבען קיין אהנונג
ווי ס'וועט זיך אויסלאָזען, צו מע יועט אומקעהר'ן צום גוטען צו שלעכטען.
יעצט וויעדערשפּעניגסטו אַטרעאוס' זוהן אַגאַמעמנאָן, דעם הערשער,
מיט דיינע פוילע רעד און לאַכסט ווייל ד'אַנייער העלדען פערשטעהען
ווי צו בעלוינען דעם ווערטה פון זיי'ר קעניג מיט קריעגס־פּרייזען.
לאָמיך דיר זאָגען, טהערסיטעס, און ס'וועט אויך געשעהן ווי איך זאָג דיר:
אויב כ'זאָל דיר נאָכאַמאָל טרעפען טרייבען דיין נאַרישקייט ווי יעצט דאָ,
זאָל מעהר דער קאָפּ פון אָדיסעוס נישט רוהן אויף אָדיסעוסעס שולטער,
אויב, ווען איך וועל דיך כאַפּען, איך וועל דיר נישט אָבציה'ן די קליידער,

מאנטעל און אונטערקלייד, וועלכע פערדעקען דיין נאַקעטע שאנד, און
דיך מיט געוויין אַבשיקען דאָרט צו די שנעלרייזענדע שיפען,
מיט אונבארמהערציגע שלעג דיך פערטרייבען ארויס פון דער געגענד.“
דאן האָט ער איבער דעם רוקען און אַקסעל געשלאָסען דעם שפּעטער
מיט זיין צעפּטער. דאָס האָט איהם אין צווייען צוזאַמענגעבויגען פאַר
שמערצען, און ער האָט פערגאָסען ביטערע טרעהרען. א בלוטיג /
שמערצליך געשווילעכץ איז אויפגעשפּרונגען פון אונטער דעם גאָלדנעם
צעפּטער. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערד מיט שטומען
שרעק און אַ לעכערליך אויסזעהן און האָט זיך געווישט די אויגען.
אלע וואָס זענען געשטאַנען ארום האָבען מיטליידיג צוגעקוקט
און זיך געוויצעלט, און איינער פלעגט זאָגען צום ביישפּיעל צום אנדרען :
„יא, יא, אָדיסעוס האָט פּיעלעס שוין אויפגעטאָן, מעהר פיעלייכט פון פיעל
אנדערע העלדען, אין קריעג און אין דער פערזאמלונג פון עלטסטע ;
דאָס ערייגניס איז אָבער דאָס בעוואוסטע וואָס שיקט זיך, דען ער האָט
ריכטיג בעשטראָפט דעם נארישען פלוידערזאק. ווירקליך, איך גלויב דאָס
ס'וועט שוין מעהר קיינמאָל דער שטאָלצער נישט וואגען ווידערשטעהן קעניגע.“
אזוי האָט געשפּראָכען דאָס פאָלק ; און שטייף איז געשטאַנען אָדיסעוס,
העלד פון צאָהללאָזע שלאכטען, מיט'ן גאָלדענעם צעפּטער. אטהענא נאָהנט נעבען
איהם, אין דער פאָרם פון א העראָלד, האָט פלייסיג געמוסטערט דאָס חיל
אום דאָס די ווייטסטע ווי נאָהענטסטע רייהען פון העלדישע גריכען
זאָלען פערנעהמען די ווערטער פון קעניג און פאָלגען זיין פאָרשלאג.
פול מיט האָפנונג און גוט געשטימט האָט אָדיסעוס געשפּראָכען :
„הער, אַגאַמעמנאָן, עס ווילען די גריכען דיך מאַכען פעראַכטעט
פאַר אלע קומענדע דורות פון רעדענדע מענשען־קינדער,

ז'ווילען נישט האַלטען זייער פערשפּרעכען צו דיר, וואָס זיי האָבען
דיר געגעבען ווען זיי זענען געקומען אַהער פון אַרגאָס:
קיינמאָל צוריקקעהרען ביז ס'וועט נישט ווערען בעזיעגט די שטאָדט
איליאָס.
יעצט וויעדער זינגען זיי קלאָג־ליעדער בענקענדיג נאָך זייער היימאַט,
פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען אַלמנות מיט פּיצינקע קינדער.
ס'פּלאָגען איז שווער דאָ, גענוג פאר צו דענקען פון היימקעהר מיט
שווערע
הערצער. געוועהנליך ווען איינער פערבלייבט בלויז אַ מאָנאַט אַוועק
פון זיין
פרוי, אויף רייזען אין זיינע פּיעל־רודער שיפען, פערלאַנגט ער
בענקענדיג נאָך זיין היים, ווען די ווינטער ווינטען צוזאַם מיט'ן
רוישיגען מעער פערשפּאַרען דעם וועג איהם; און מיר פערווײַלען
דאָ שוין דאָס ניינטע אַבלויפענדע יאָהר. כ'בין נישט ברוגז דאַרום, וואָס
די גריכען זיצען פערצווייפעלט ביי זיי'רע געבויגענע שיפען;
דאָך, אַלץ צוזאַמענגענומען, וואָלט עס געוועזען אַ שאַנד און
שמאָך נאָך אַ לענגערען ווידערשטאַנד לעדיג און פרוכטלאָז זיך
אומקעהרען.
פריינדע, נאָך דולדעט אַביסעל צייט און מיר וועלען זעהן צו
קאַלכאַס האָט אונז פּראָפעצייהעט די וואַהרהייט צו נישט. מיר
געדענקען דאָך
אַלע, מיר זענען דאָך עדות — די אַלע וואָס ס'האָט נאָך דער אייביגער
שיקזאַל צו זיך נישט פעררופען, אַזוי ווי ס'וואָלט היינט ערשט פּאַסירט
אָדער נעכטען. מיר האָבען פערזאַמעלט אין אַליס די גריכישע
שיפען געלאָדען מיט ליידען פאר פּריאַם און טראָי־לאַנד, אַרום אַ
וואַסערקוואַל האָבען מיר אויף אַ מזבח קרבנות געאָפּפערט
צו די אונשטערבליכע געטער, נעבען אַ בוים פון אונטער
וועלכען עס האָט דאַן געפלאָסען ערפרישענדעס וואַסער. און דאָרטען
איז אונז ערשיענען אַ גאָטעס־ערשיינונג. אַ דראַכען בלוט־רויט אויפ'ן
רוקען, אַ שרעק אַנצוקוקען, וואָס זעלבסט דער אָלימפּיער האָט איהם

צו אונז געשיקט אויף דער וועלט, איז אַפּוירגעשפּרונגען פון אונטער'ן
אַלטאַר און שנעל זיך אַריבערגעוואָרפען צום בוים. דאָרט האָט זיך
הויך אויף דעם שפּיץ פון דעם בוים פערהאַלטען אַ שפּערלינג'ס יונגוואַרג,
פּיצינקע פייגעלעך, צווישען די בלעטער. זיי זענען געווען
אַכט, און די מוטער וואָס האָט זיי געבוירען ז'געווען די ניינטע.
ער האָט פערצעהרט די פּיפּטשענדע פּיצינקע פייגעלעך, און די
מוטער איז קרעכצענדיג אומגעפלוינען און שמערצליך בעקלאָגט איהרע
קינדער; האָט ער זי געכאַפּט ביי אַ פליגעל און גרויזאַם פערצוקט זי,
ס'קלייניקע מוטערל! ווען ר'האָט פערצעהרט די מוטער און קינדער,
האָט דער גאָט, וואָס האָט בעוויזען דעם וואונדער, נעצייגט אונז דעם צייכען.
שלויער צעוס קראָניאָן! ער האָט איהם פערוואַנדעלט אין שטיין; און מיר אַלע
זענען געשטאַנען אַרום אין פערוואונדערונג: וואָס איז דאָ ערשיענען?
וואָס זאָל בעדייטען דער שרעקליכער מאָנסטער, וואָס איז דאָ ערשיענען?
קאַלכאַס האָט אָבער פערשטאַנען דעם צייכען און האָט אונז ערקלערט:
וואָס שטעהט איהר אַלע פערשטומט, שעהן-לאָקיגע גריכען? עס איז איצט אַ
צייכען ערשיענען פון מעכטיגען צעאוס, און שפּעטער, יאָ, שפּעטליך,
וועט ער ווערען ערפילט, און זיין רוהם וועט קיינמאָל פערשווינדען.
אַזוי ווי ער האָט פערצעהרט די שפּערלינג-מוטער און קינדער,
אַכט, און די מוטער, וואָס האָט זיי געבוירען, ז'געווען די ניינטע —
אַזוי פיעל יאָהרען וועלען מיר בעלאַגערען די שטאָדט דאָרטען, און אויפ'ן
צעהנטען וועלען מיר די וויט-ברייטע שטאָדט פון די טראָיער פערניכטען.

קאַלכאַס האָט דאָס פּראָפּעצייהעט; און יעצט זעהן מיר עס ווערט ערפילט אַלץ.
בלייבט דערפאַר אַלע דאָ איבער, איהר שיענביינבעשיצטע אַכייער,
ביז מיר וועלען בעזיעגען פּריאַמ'ס מעכטיגע הויפּטשטאָדט.
אזוי האָט גערעדט אַדיסעאוס, און הויך האָט געליאַרעמט דאָס חיל —
רונד און אַרום האָבען שיפען געשליידערט צוריק זייער עכאָ —
ליבענדיג שטאַרק די רעדע פון געטליכען העלד. און דאַן האָט זיך
אויפגעשטעלט נעסטאָר, גערעניאַן־קריעגער, צו זאָגען זיין מיינונג:
„שאַנדע! איהר רעדט דאָך ווי נאַרישע אינגלאַך, וועם ס'איז צואווידער דער
קריעג. איך פרעג אייך, וואָס וועט ווערען פון ד'אָבמאַכען און די
שבועות? צי זאָלען מיר שליידערן אין פייער דעם פּלאַן און ראַט פון די
עלטסטע, און וויין־אָפּפער און אויך דעם האַנדשלאַג וועלכען מיר האָבען
זיך אַלס אַ צייכען פון טרייהייט געגעבען? מיר שטרייטען מיט ווערטער,
דען מיר קענען קיין אויסוועג געפינען, און דאָ ווײלען מיר שוין
לאַנג. נאָר, אַטרידעס, דו געה אָן ווי פריהער מיט דיין בעשטימטער
ארבייט און פיהר אונז ארגעער אין בלוטיגען שלאַכט, נאָר די עטליכע,
איינער צו צוויי פון די גריכען וואָס האַלטען געהיימע געדאַנקען
אהיימגעהן (ס'וועט אָבער קיינמאָל געשעהען) — בעפאָר נאָך זיי ווייסען פון
צעאוס' פערשפּרעכען ד'אינטימע בעדייטונג, צו וואהר צו פאַלש גאָר,
זאָל'ן זיי זיך אָבטראָגען. כ'זאָג אייך, דער מעכטיגער צעאוס האָט פערשפּראָכען
אונז יענעם טאָג ווען מיר זענען געקומען צוזאַם מיט די פלינקע
זעגעל־שיפען, בעלאָדען מיט בלוטיגען שיקזאַל פאַר טראָילאַנד,
ווען ער האָט דורך אַ בליץ אונז געציינגט אַ זעהר גינסטיגען צייכען.
אויך זאָל קיינער נישט איילען זיך אהיימגעהן בעפאָר ר'איז געשלאָפען

וועלט איין,
וועלט
אויס

מיט אַ טראָישע פרוי, נקמה צו נעהמען פאַר העלען׳ס
ליידענשאפט און פאַר די שמערצען פון וואָס זי איז איינציג די אורזאַך.
דאָך ווען איינער וויל דורכאויס אומקעהרען אהיים, נו זאָל ער נאָר
וואגען זיין האנד ארויפלעגען אויף זיין שווארצע רודער־שיף, אום
ס׳זאָל איהם דעם ערשטען פון אַלעמען טרעפען דער בלוטיגער שיקזאַל.
קעניג, דו זעלבסט געה אָן מיט דיין פאָלק, נאָר געהאָרך אויך אַן אנדרען.
ס׳זאָל איצט נישט בלייבען אומזאָנסט וואָס איך ראָט דיר. טהייל, אגאַמעמנאָן,
אָב אַלע קריעגער לויט שבטים און געמיינדען; זאָל יעדער שבט
העלפען די שבטים, געמיינדען די געמיינדען. אויב וועסט אזוי האנדלען,
און אויב עס וועלען די גריכען געהאָרכען, דאַן וועסטו דאָך קענען
ענטשיידען ווער פון די פיהרער און ווער פון דעם פאָלק ס׳זענען פייגלינגע,
אויך ווער עס האנדעלט העלדיש; דען יעדער וועט שטרייטען אויף זיין ארט;
אויך וועסטו וויסען די אורזאַך ווען וועסט נישט איינגעהמען די טראָי־שטאָדט,
צו ס׳איז דער ווילען פון גאָט, צו די פוילקייט פון פאָלק, צו ־ער קריעגס־פּלאַן.“
דאַן האָט געענטפערט דער אַלהערשער, מעכטיגער פירשט אגאַמעמנאָן:
„אַלטער, ביזט ווידער אמאָל דער זיעגער אויף דער בעראטונג.
אַך, ווען ס׳זאָל זיין נאָר, מיין צעאוס, אַטהענא, אַפּאָלאָ! אַ צעהנדליג
ראטגעבער ווי דו צווישען די גריכען; די שטאָדט פון קעניג
פריאם וואָלט לאנג שוין געווען בעזיעגט און אין אונזערע הענד, און
טראָי אַ רואינע. נאָר צעוס קראָניאָן, וואַך־שילד טרעגער, האָט אָנגעשיקט
צרות, פעראורזאכט אַ נוצלאָזען שטרייט. און איך מיט אַכילעוס

האָבען געשטריטען איבער אַ מיידעל, און שענדליך בעליידינט זיך
איינער דעם אַנדערן, און איך בין דער ערשטער איהם פאַרגעקומען
שלעכט. נאָר
אויב מיר זאָלען ווען האלטען בעראטונג צוזאמען, וואָלטען מיר
דאַן מעהר נישט אָבגעלעגט קריעג מיט די טראָיער, אויך נישט אויף
אַ ווײַלע.
נעהט איצט צו אײַ׳ר מאָהלצייט און קרעפטיגט זיך פאַר אַ מלחמה,
נעהמט אייך יעדער די שפּיעזען און גורט אייך אָן אין די שילדען.
גיט אויך אײַ׳ר פוס־שנעלע פערד זייער פוטער, בעטראַכט אויך
ס׳געוועהר,
אום צו זיין גרייט פאַר אַ שלאַכט, מע וועט זיין בעשעפטיגט אין
העסליכע
שלאַכטען אַ גאַנצענעם טאָג. מיר וועלען נישט האָבען קיין אָברוה
ביז עס וועט קומען די נאַכט און שטערען די קריגס־לוסט פון קריעגער.
טריעפען פון שוויים וועט דער ריעמען פון מענש־גרויסען שילד ארום
די ברוסט, און
שוואַך וועט ווערען אין שלאַכט די האַנד וואָס וועט האלטען די
שפּיעז און
אויך וועט טריעפען פון שוויים אייער פערד וואָס וועט ציהען דעם
בעפּוצטען
רייט־וואָגען. דעם אָבער וואָס איך וועל מערקען זיך האלטען צוריק פון
שטרייט, אָדער ביי די געבויגענע שיפען, דעם וועל איך נישט לאָזען
צייט צו ענטרינען פון ד׳הינט און די פייגעל וואָס פרעסען נבלות.״
ר׳האָט דאָס געזאָגט, און ד׳ארגעער האָבען געשטורעמט אזוי ווי אַ
כוואַליע ווען ס׳קומט אָן דער זיעד־ווינד און יאָגט זי ארויף אויף אַ
הויכען
שטראַנד צו גאָר אויף אַ סטראַשענדען פעלזען, וועלכען עס קענען
קיינמאָל די ווינטען־געטריעבענע כוואַליעס נישט אויסמיידען און
פליעסען

וועלט איין,
וועלט
אויס

באלד דאַ, באלד דאָרטען. זיי האָבען זיך אויפגעשטעלט, דאַן זיך גנעפאָרעט
ביי די שיפען, דאַן פייער גמעאכט ביי די צעלטען און זייער
מאָהלצייט גענעסען. און יעדער האָט אָפּפער געבראכט צו אַן אַנדרען
פון די אונשטערבליכע געטער, מיט אַ געבעט צו ענטגעהן דעם
טוידט און דעם פיין פון פערהאסטע מלחמה. דער אַלהערשער קעניג,
פירשט אַגאַמעמנאָן, האָט אַלס זיין קרבן אַ פעטען פינף־יעהרינגען
אָקס געבראכט צו דעם מעכטיגען צעוס, און צוזאמענגערופען די
נאָבעלסטע עלטסטע גריכען: צום ערשטען, נעסטאָר און קעניג
אידאָמענעוס, דאַן די צוויי ברידער איאקס, דאַן טיידעאָס' זוהן, און
זעקסטען, אָדיסעוס, דעם גלייכען פון צעוס אין חכמה. אָהן איינלאדונג
איז אויך נעקומען דער פירשט מענעלאָאס, דער העלד פון דעם שלאכט־רוף;
ער האָט געפיהלט אין זיין הארץ וויפיעל עס פלאגט זיך זיין ברודער.
האָבען זיך אַלע געשטעלט ארום קרבן און אויסגעשפרייט גערשטען.
דאַן האָט דער מעכטיגער פירשט אַגאַמעמנאָן געבעטען פאר אַלע:
„גרויסער און מעכטיגער צעאוס, דו וואָלקענפערזאמלער, וואָס וואוינסט אינ'ם
עטהער! עס זאָל זיך נישט זעצען די זון און עס זאָל אויך נישט ניעדערן
נאכט־פינסטער איידער איך וועל נישט אומשטירצען אין רויך די מויער פון
פיאם'ס שטאָדט און צושטערען די טויערען מיט אַ פערניכטענדען
פייער, און העקטאָר דעם פאנצער צוברעכ'ן אויף דער ברוסט מיט אַ שטוים מיט מיין
שפיעז; און עס זאָלען פיעלע פון זיינע חברים ארום איהם
ליעגען אין שטויב און גראָבען פאר שמערצען די ערד מיט די צייהנער."
ער האָט געבעטען, נאָר קראָניאָן האָט נישט געוואָלט צייגען קיין צייכען;
ער האָט די אָפּפער פערצעהרט, נאָר אָנגעגרייט ענדלאָזע ליידען.
נאָכדעם ווי זיי האָבען אַלע געבעטען און אויסגעשפרייט גערשטען,

האָבען זיי ערשטענס דעם קאָפּ פון דעם אָפּפער אריבערגעבויגען,
דאַן איהם געשלאַכטעט, די הויט אָבגעשונדען, די לינדען
אויסגעשניטען,
זיי אין פעטען דאָפּעלט געוויקעלט און דאַן איבערדערט מיט
רויה־פלייש. דאַן זיי פערברענט אויף צווייגען אָהן בלעטער, און
ס׳איינגעווייד
געבראָטען אויף שפּיזען ביים פייער. און ווען זיי האָבען פערברענט די
לענדען און האָבען פערזוכט פון דעם איינגעווייד, האָב׳ן זיי דאָס
איבריגע
פלייש צושניטען אין שטיקער און אויפגעשפּיזט עס אויף די גאָפּלען,
מיהזאַם געבראָטען און דאַן עס וויעדער ארונטערגעצויגען.
שפּעטער, ווען, מיעד פון דער ארבייט, זיי האָבען געזעצט זיך צום
מאָהלצייט,
האָט נאָר קיינעמ׳ס אַפּעטיט איבערשטייגט זיין פּאָרציע. און שפּעטער
ווען זיי האָבען געשטילט זייער הונגער און דורשט, האָט נעסטאָר דער
ריטער, זיך אויפגעשטעלט רעדען איינינע ווערטער, ווי פאָלגט:
„גרויסער אַטרידעס, דו אלהערשער פירשט אַגאַמעמנאָן, מיר דאַרפען
נישט רעדען פיעל מעהר, לאָמיר נישט אָבלעגען מעהר די זאַך וואָס
צעוס האָט געגעבען אונז אין די הענד אריין; זאָלען העראָלדען
שאלען און רופען צוזאַמען דאָס פאָלק פון געפּאַנצערטע גריכען
דאָס זיי זאָלען זיך איינפינדען נעבען די שיפען, און מיר וועלען
געהען צוזאַמען דורך די מאַסען פון חיל אום שנעלער
פּאַרברייטען צום העפטיגען שלאַכט די וואַרטענדע העלדישע קריגער.“
אלהערשער פירשט אַגאַמעמנאָן האָט אויסגעפאָלגט נעסטאָר׳ס עצה.
ער האָט בעפוילען העראָלדען הויך שאלען און רופען אין העפטיגען
שלאַכט די שעהנלאָקיגע גריכען. זיי האָבען געפאָלגט זיין בעפעהל און
הויך גערופען, און שנעל איז צוזאַמענגעלאָפען דאָס חיל.
ווייטער די געטער־ערצויגענע קעניגע וואָס זענ׳ געשטאַנען
נעבען אַטרידעס האָבען מיט חשק געמוסטערט דאָס חיל.
צווישען זיי האָט זיך געפּאָרעט די הערליכע געטין אַטהענאַ

וועלט איין,
וועלט
אוים

מיט איהר ווערטהפאַלען וואַך־שילד וואָס איז נישט צושטערבאר און ווייס פון קיין
עלטער, פון וועלכען עס בימבלען ביז הונדערט גאָלדענע פרענז,
מיהזאמגעשטריקטע, און יעדער אין ווערטה פון פול הונדערט אָקסען.
לויכטענדיג איז זי געגאַנגען דערמיט און בעוועגט ס׳גאַנצע חיל
פאָלגען זייער פיהרער; און אין יעדער ברוסט איז געוואקסען די קריעגס־לוסט
פעכטען אונאויפהערליך, פיהרען אָן ענדלאָזען שטרייט מיט׳ן שונא.
דאן איז געוואָרען דער שטרייט פאר זיי פיעל אנגענעהמער ווי אין זיי׳רע
הוילע שיפען אומקעהרען אהיים צו זייערע טהייערע היימאַט.
אזוי ווי׳ א פערניכטענדעס פייער וואָס צינדט אָן א גרויסען וואלד אויפ׳ן
שפיץ פון א בארג, און עס זעהט זיך דער פלאם פון דערווייטענס; אזוי האָט דאָס
צאָהללאָזע מעש פון מארשירענדע קריעגער געגלאנצט, און דער שיין האָט
דורכגעשטראהלט דעם עטהער אין דעם ענדלאָזען הימעל.
אזוי ווי אונצעהליגע מאסען פליעהענדע פייגעל — ווי ווילדע
גענז אָדער קראַניכען אָדער לאַנג־האלזיגע שוואנען, וואָס פליעהען
איבער ד׳ אזיאטישע פעלדער פוןביידע זייטען פון קאוסטריאָס
פלוס, אין פערשיעדענע ריכטונגען, פרעהענדיג זיך מיט די קראפט פון
זייערע פליגעל, און לאָזען זיך אראָב מיט יובעלגעשריי, און
ס׳הילכט אָב אין לופטען; אזוי האָט דאָס צאָהללאָזע חיל געלאָזט זיך
געהן פון די שיפען און צעלטען אריין אין די פעלדער וואָס ליעגען
נעבען סקאמ׳אנדראָס; און אונטער די פיס פון זיי און די פערד האָט
שרעקליך געציטערט די ערד. און עס זענען געשטאנען אויף די
בלומען־בעפלאַסטערטע וויעזע פון סקאַמאנדראָס העלדישע קריעגער,
טויזענדער, פיעל, ווי עס זיינען די בלעטער און בליטהען אין פריהלינג.
אזוי ווי אונצעהליגע, טומלענדע מחנות זשומענדע פליעגען

פליעהען אַהן אויפהער ארום אין די שטאַלען וואו ס'רוהן די בהמות
אין די בליטה־צייט, ווען פול זענ' די שקאַפּעס מיט שווימענדער מילך, אין
אזא צאָהל זענ' געשטאנען די גריכישע קריעגער אין שלאַכטפעלד,
גיעריג דאָס גאנצע טראָישע פאָלק אָהן ערבארמען פערטיליגען.
אזוי ווי די פאסטוכער טהיילען אָב לייכט זיי'רע סטאַדעס ציעגען,
ווען זיי האָבען זיך אויסגעמישט אויף דער גראָזיגער לאָנקע;
גראַדע אזוי האָבען פיהרער געמוסטערט ס'צוזאמענגעדרענגטע
חיל אהין און אהער און געפאָדערט זיי אויף צו דעם קאמפף; און
צווישען זיי אַגאַמעמנאָן, זיין קאָפּ און די אויגען ווי צעאוס,
אזוי ווי אַרעס די לענדען, און מעכטיג די ברוסט ווי פּאָסיידאָן.
אזוי וו'אין אַ סטאַדע קיה געהט אלעמען פאָראויס דער אָקס, רען
ער איז דער ריעז פון די קיה וואָס פיטערען זיך אויף דער לאָנקע;
אזוי האָט צעאוס יענעם טאָג פאַרגעצויגען אַטרידעס אלס איינציגען
פאָרשטעהער, פיהרער פון אלע, און מעכטיגסטען העלד פון די העלדען.
זאָגט מיר, איהר געטליכע מוזען, וואָס וואוינט אין פּאַלאַצען אויפ'ן אָלימפּ —
איהר זענט דאָך געטער און נעבען מיר יעצט, און איהר זענט דאָך אַלל־וויסענד,
מיר ווייטער הערען נאָר קלאנגען און גלויבען מיר ווייסען, און ווייסען
דאָך גאָרנישט — ווער זענ' די הערשער און פיהרער פון די גריכען.
ס'פּראָסטע פאָלק וועל איך נישט אויסרעכנען, כ'וואָלט נישט אימשטאנד געוועזן
ווען כ'וואָלט אפילו געהאט צעהען צונגען און מיילער אַ צעהען,
און אונערמיעדליכע שטים און אַ מעשענע האַרץ אין דער ברוסט.

ב ע מ ע ר ק ו נ ג :   דאָ פאָלגט אַ קאַטאַלאָג פון די פיהרער און שיפען פון דער גריכישער עקספעדיציע. פאַר דער איצטיגער ארבייט האָט דער איבערזעצער נישט געפונען פאַר ראַטהזאַם עס צו איבערגעבען, כאָטש דער בלויזער קלאַנג פון די נעמען וואָלט צופריעדענגעשטעלט צו אַ הויכען גראַד דאָס עסטהעטישע אויער פון פיעלע.

אין פערלאַג „אַמעריקאַ“ זיינען ביז דעם איצטיגען זאַמעלבוך „וועלט איין, וועלט אויס“ ערשיענען דריי זאַמעלביכער „שריפטען“ מיט פאָלגענדען אינהאַלט:

## אינהאלט פון ערשטען בוך „שריפטען“ (אויספערקויפט):

דוד איגנאַטאָוו — דער גבור; זישא לאַנדוי — דערנער און מיידעלשע געזאַנגען; מאַני לייב — פון די ליעדער אָוועגד און נאַכט; ר. אייזלאַנד — די יונגע; וואָלט וויטמאַן — אַ גרוס דער וועלט (אידיש דורך י. י. שוואַרץ); י. אָפּאַטאָשו — ראָמאַן פון אַ פערד־גנב; נאָטיצען — דר. ח. זשיטלאָווסקי, די אַלטע און די יונגע, אונזערע קריטיקער; דערקלעהרונגען.

## אינהאלט פון צווייטען בוך „שריפטען“ (אויספערקויפט):

מ. ל. האַלפּערן — אין דער פרעמד; א. ראַבאָי — דער לייכט־טהורעם; ל. מילער — ליעדער; מ. באַסין — פערלאָרענע טרוימען; י. אָפּאַטאָשו — מאָריס און זיין זוהן פיליפּ; פּרץ הירשביין — דאָס ליעד פון דעם נאַר; י. י. שווארץ — פון דער טיעפענים; ב. ריווקין — צום נייעם ראָמאַנטיזם; זישא לאַנדוי — גאַמען; מאַני לייב — מעשה־ליעדער; דוד איגנאַטאָוו — אין קעסעל־גרוב; אבאָ אָסטראָווסקי — 1) אַ בריעף פון דער תיים, 2) פון יענע טעג; וואָלט וויטמאַן — (בילד); דערקלעהרונגען, פאָדער־בלעטער און צייכנונגען פון ז. מאָוד.

## אינהאלט פון דריטען בוך „שריפטען“:

מאַני לייב — שטילער, שטילער; דוד איגנאַטאָוו — פּיבי; ר. אייזלאַנד — ליעדער; א. מ. דילאָן — פון בעהזען געמיט; מ. ל. האַלפּערן — צוויי ליעדער; ה. ראָזענטהאַל — אַ ליעד; זישא לאַנדוי — פינף ליעדער; וו. נאַטאַנסאָן — קולטור און ענטוויקלונג; מאַני לייב — אינגעל צינגעל כוואַט; א. ראַבאָי — הערר גאָלדענבאַרג; א. ראַבאָי — קליינע דערציעהלונגען; איבערזעצונגען — 1) אַלט־קלאַסישע (גריכיש): האָמער — איליאַדע; סאַפּאָ — ליעדער און פראַגמענטען; אַנאַקרעאָנטיקא — ליעדער צוגעשריבען צו אַנאַקרעאָן. (לאַטייניש): קאַטולוס; האָראַץ. אידיש דורך מ. הערבערט. 2) מאָדערנע (דייטש): פרידריך ניטשע; ריכאַרד דעהמעל; הוגאָ פאָן האָפמאַנסטהאַל; מאַקסימיליאַן דאַוטהענדעי; אַלפרעד מאָמבערט; עמיל הערמאַן; ריכארד שאַוקאַל; פעטער הילע; הערמאַן העסע; אַרנאָ האָלץ; קאַרל בוסע; גוסטאַוו פאַלקע. (רוסיש): א. פעט; טיוטשעוו; פ. סאָלאָגוב; קוזמין. (ענגליש): ראָבערט ל. סטיווענסאָן. אידיש דורך זישא לאַנדוי, ר. אייזלאַנד, מ. ל. האַלפּערן און מאַני לייב.

